י. א. ראָנטש

# לידער

יידישער דיכטער קלוב פון אַמעריקע
ניו־יאָרק, נ. י.
1947

# פון דער טיפעניש (ממעמקים)

איך רוף דיך פון דער טיפעניש,
מיט אויסגעשטרעקטע הענט;
די אויגן די פאַרלאָשענע
זיי ווערן ניט פאַרברענט;
דער צער פון דור געפייניקטן —
צו דיר, צו דיר געווענדט!

איך רוף דיך פון דער טיפעניש,
דו, טרייסטער פון מיין פּיין;
דו, אמת, קוואַל פון אייביקייט,
דו, יושר, זין פון זיין;
פאַר מיר, פון צייט פאַראומערטן,
ביזטו דער שטאַרקער ווייַן.

די שוואַרצע כמאַרעס דראָען מיך:
„דיין אמת איז פאַרשטעלט."
עס האָגלען שפּיזלען אייז אַרום —
אַ קאַלטע, קאַלטע וועלט.
איך רוף דיך פון דער טיפעניש,
דו ביזט די זון וואָס העלט.

אַטאָמען־באָמבע לויערט שוין;
די ערד איז וויסט און הויל.
דער מוח אין דער פלאָנטערניש
געוואָרן איז אַ קנויל;
די צונג, זי קלאַפּט אין טירן אָן,
אַ פרעג־צייכן — דאָס מויל.

איך רוף דיך פון דער טיפעניש,
דו, אמת, טראָגסט באַשייד;
דו ביזט דער ווינט דערפרישנדער,
וואָס האָט די קראָפּט פאַרזייט;
דאָס האַרץ דאָס קראַנק־צעשראָקענע
האָסטו דאָך גלייך דערפרייט.

דער הימל האָט פאַרראָטן מיך,
בית־עולם איז די ערד;
דער שכן האָט באַגעגנט מיך
מיט בלאַנקער שעכטער־שווערד;
ירושה פון די זיידעס איז
שוין לאַנג צעשטערט, פאַרצערט.

געבליבן איז איין איינציקער
געטרייער, גוטער פריינט.
דו, אמת, ביזט דער פאַנצער מיין,
וואָס שיצט מיך קעגן פיינט.
איך רוף דיך פון דער טיפעניש:
אָ, ניט פאַרלאָז מיך היינט!

# עס וועט ניט אונטערגיין

די קאַרבן אויף מיין ברייטן שטערן —
דאָס איז דער שטעמפּל פון מיין פּיין.
ס׳איז ווייסט דאָס אויג — דער קוואַל פון טרערן,
דער שכן פרעגט: צי וועל איך זיין.

איך ווייס: איך בין אַליין געבליבן,
אַ יתום פון מיין גאַנצן שטאַם.
געביין אין מאָרד־אויוון צעריבן,
דער גוף פאַרצערט פון גאַזן־סם.

ער ציילט מיין חורבן אין מיליאָנען,
ער פרעגט, דער שכן: וואָס וועט זיין?
עס פלאַטערן די טויטן־פאָנען,
ווי פעכערס אין מיין האַרץ אַריין.

ער רעדט פון מיר, ווי פון אַ גוסס,
ווי פון אַ שפּענדל אויפן ים.
נאָר איך, איך ווייס מיין כח גרויס איז —
עס וועט ניט אונטערגיין מיין שטאַם.

פאַר שניטן־קנייטשן אויף מיין פּנים,
פאַר יונגן קאָפּ מיט ווייסע האָר —
מיר וועלן אָפּצאָלן די שונאים,
ס׳וועט מאָנען חשבון אונזער דור.

דער אמת איז אַ שטרענגער שופט,
נאָר וואָלוול איז ביי אים די צייט.
דער שקר קוילעט אונז ווי עופות,
די וועלט, דער שרייבער, שטייט ניט ווייט.

פאַרבלייבן וועט נאָר דער גערעכטער,
ווי וואַרעמקייט פון זונען־פלאַם.
ס׳ווערט אָפּגעווישט פון ערד דער שעכטער,
נאָר ס׳וועט ניט אונטערגיין מיין שטאַם.

איך בין דער פאַלנדיקער שטערן,
וואָס לאָזט אַראָפּ זיך אין אַ טאַנץ.
עס קאָן מיך קיינער ניט צעשטערן,
עס בלייבט ביי מיר דער גלי פון גלאַנץ.

איך גיי אַנטקעגן יעדן שטורעם
און ציטער ניט ווי מידע לאַם.
דער אמת איז מיין פעסטער טורעם,
עס וועט ניט אונטערגיין מיין שטאַם.

# דער לעצטער, דער ערשטער

(פּאָעמע)

.1

מיט הכנעה און באַדויער
שאַרן שאָטנס זיך פון בײדע זײטן,
שושקען שטומערהײט אַרײַן אין אויער:
„ביזט דער לעצטער ייד פון אַלע צײטן,
האָסט געריסן קריעה אין דײַן טרויער.״

ס'וועט מײַן האַרץ אויף אײביק קלעמען.
ניט די לעצטע רויז פון שפּעטן זומער,
ניט פון האַרבסט די לעצטע כריזאַנטעמע,
נאָר די שטילע יידן, ערלעך־פרומע,
וועלן קײנמאָל שוין צו מיר ניט קומען.

ווי די בלעטער האָט מען זײ צעטראָטן,
ווי די בלעטער האָט מען זײ פאַרברענט.
נאָר זײ גײען נאָך מיר ווי די שאָטנס,
פאַר די אויגן שטײען זײ, ווי ווענט;
פון דער ערד זײ שטרעקן אויס די הענט.

.2

קוק איך, זוך איך, פרעג דעם דרויסן:
„בין דער לעצטער ייד איך דאָ געבליבן?״
מענטשן אײלן, יאָגן זיך און שטויסן,
ווײַזן וואָס עס שטײט אין בלאַט געשריבן,
נאָר זײ פילן ניט מײַן אומגליק גרויסן.

לאָז איך זיך אַוועק אין וואַנדער־גאַנג,
לאָז איך זיך אַוועק אויף פעלדער ווייטע.
הער זיך איין צום זינג פון שטאָלצן זאַנג.
זאָג מיר, מאַמע־ערד פון אַלע צייטן,
טוט דיר אויך פאַר לעצטן יידן באַנג ?

רוישט דער ים און ברויזט מיט גבורה,
ברומט פון כעס און שלאָגט די ברעגן,
אומרו אָטעמט פון זיין צורה.
ים, דו ים, דו ווילדער יעגער,
זאָג: „איז דאָס מיין סוף ?" — טו איך אים פרעגן.

וועלדער מיילן, אויסגעשטעלט ווי פאָלקן,
ביימער ריזן, ווי געטרייע וועכטער —
איבער איך עס שוועבן יאָמער־וואָלקנס,
איר געהיט האָט טויטע זין און טעכטער,
איר זייט עדות קעגן דייטשע שעכטער.

קרוינען בערג זיך מיט די ווייסע שפּיצן,
אייביק גרינען דאָ די טיפע טאָלן,
שרעקט דער הילך פון דונער, בלענדן בליצן.
אַלץ וואָס לעבט דאַרף שטאַרקן זיך און שטאָלן,
ס'קומט די שעה פון חשבון און פון צאָלן.

פרעג איך ביי די טורעמדיקע פעלזן:
„וואוינט אַ לעצטער ייד אין איי'רע שפּאַלטן,
אַן אַנטרונענער פון בערגן־בעלזן,
וועלכער האָט זיך דורך אַ נס באַהאַלטן,
ווען מען האָט געשניטן אַלע העלזער ?"

3.

קלאַפּ איך אָן אין טירן אויף מיין וואַנדער,
שריי איך הויך, אַז וועלט זאָל הערן,
זוך אַ ברעג אַ זיכערן צום לאַנדן,
זע געפּאַרן מערן זיך און מערן —
בין געוואָרן איך געשטראַנדעט.

בין איך אויף אַן אינזל גאָר געבליבן,
רייב איך זיך די אויגן: וואָר צי חלום?
נעמען מיך אַרום באַלד בליקן ליבע,
שטרעקן הענט זיך פריינטלעך, גיבן שלום,
ווייזן, ס׳איז מיין אוצר דאָ געבליבן.

איך, דער לעצטער ייִד, בין גאָר דער ערשטער,
בין דאָס פאָלק פון בוך, דאָס בוך פון ביכער.
ניין, ניט אויסגעראָט מיין שטאַם, אָט הערשט ער
מיט די צען געבאָט, דעם מענטש פאַרזיכערט,
ס׳איז ניט שפּעט נאָך, לערן אויס זיי גיכער:

„זאָלסט ניט הרגענען און ניט פאַרקנעכטן,

זאָלסט ניט גנבענען און ניט באַרויבן,

זאָלסט ניט פעלשן און ניט גלוסט צום שלעכטן,

דיינע פאָטער־מוטער טו דערהויבן,

פיר אַ ריינעם לעבן, אַ גערעכטן.“

.4

כ׳בין געווען דער ערשטער מיט דער ביבל,
כ׳בין דער ערשטער מיטן תהלים.
ס׳האָט מיין זיידע אינעם חסידים־שטיבל,
פול מיט לעבנס־ברען, געזאָגט זיין תפילה
און זיך אויסגעלאַכט פון יעדן איבל
און געוויצלט זיך מיט טויט אַפילו.

זיינע יורשים — אַש אין אויוון־פייער,
אין די מיסטן ליגן זיי׳רע שאַרבנס.
נאָר עס לעבט נאָך משה דער באַפרייער,
וואָס געפירט האָט אויפשטאַנד קעגן שטאַרבן,
לעצטער־ערשטער איד וועט אים איצט אַרבן.

אייביק פליסט אין מיר דאָס בלוט פון נביא;
דבורה זינגט אין מיר, און ס׳פאָדערט מיכה;
ס׳דרינגט אַריין אין האַרץ דאָס וואָרט פון דוד.
וואָרפן אָן אַ פחד ווילדע וויכערס,
פעדערט זיך ישעיה און פאַרזיכערט.

.5

ס׳ווערט ניט מיד דאָס ליכט פון מאַקאַבייער
אָנצוצינדן נייעם מוט און גלויבן;
דריידל דרייט זיך הערצער צו דערפרייען;
יעדעס יאָר ווערט מרדכי ניי דערהויבן,
יעדעס יאָר אַ המן ליגט אין שטויבן.

וויפֿיל העלדן האָב איך ניט באַזונגען ?
וואו אַ לאַנד געלאָזט האָב איך מאַרטירער.
אַש געמאַכט פֿון מיר, געשניטן צונגען, —
ניט געלאָזט פֿון שקר זיך פֿאַרפֿירן
האָבן די הירש לעקערט יונגען.

זע, איך בין דער סנה, דער מדבר־דאָרן,
פֿייער־פֿלאַם, וואָס ווינט וועט ניט פֿאַרצערן.
כ׳וועל נאָך יעדן סוף אויפֿסניי געבאָרן;
מיין ירושה — טראָגן לאַסט דעם שווערן,
ביז די ערד וועט איינזאַפּן די טרערן.

לעצטער ייד פֿאַרבלייבט דער ערשטער מאַנער,
וועקט די וועלט צו חצות און טראָגט די זאָרגן.
שטעלט זיך איינער קעגן באַטאַליאָנען,
קומט צו פֿליען, ווי די שוואַלב פֿון מאָרגן;
גרייכט צום שפּיץ מיט זיינע פֿרייהייט־פֿאָנען.

# דער מענטש אין מיר

.1

דער מענטש אין מיר געווען איז פֿאַרחושט,
ווי פּריש־געלאַנדעט אין אַ פרעמדער וועלט;
וואו יעדנס פּנים איז פֿאַרהוילט־פֿאַרשטעלט,
וואו קאָפּ איז קויל פון בליי און האָר איז גרוי
און מויל איז מיל וואָס שעלט און שעלט און שעלט.

בין איך ניט דאָ געווען מיט איך צוגלייך
פון מיין געבוירן אָן? בין איך אַצינד
דען ניט ווי איר, דאָס זעלבע מענטשן־קינד?
פֿאַרוואָס־זשע ציטער איך פון דעם אַרום?
דער מענטש אין מיר באַהאַלט זיך טיף, פֿאַרשווינדט.

ווי שערבלעך ליגן הערצער דאָ צעזעצט;
עס בלאָזט אַ ווינט, וואָס וואָיעט אויס געוויין
און וויעט אָן געשטאַנק פון מענטשן־ביין.
און טויט טוט טוליען זיך צום זויגלינג שוין,
און לעבן, ווי אין מדבר, בלייבט אַליין.

.2

דער מענטש אין מיר טאַפּט אָן זיין אייגן לייב;
איך קוק אַריין אין שפּיגל פון דער צייט:
דאָס פּרצוף נאָענט איז און דאָך — ווי וויט . . .
אָט שפּאַן איך אין אַ טיפער הייל צוריק,
אָט שפּאַן איך איין משיחס פערד און — רייט.

איך בין דאָך ניט קיין קוילער פֿון דער ערד.
איך האָב דאָך ליב אַזוי געליבט צו זיין.
כ׳אַנטלויף און היט זיך אויס פֿון אַנגסט און פּיין.
איך וויל מיט וועלט זיך האַלזן ווי מיט פריינט.
דער מענטש אין מיר האָט ליב געליבט צו זיין.

איז גיי אַרום איך איצט ווי ערשט־דערוואַכט
און קלאַפּ אין טירן פֿון דער וועלט און פרעג:
איז מיר באַשערט דערלעבן נייע טעג
אויף ערד, וואו וויסטער טויט האָט אויסגעשפרייט
פאַר זיך אַן אומגעצאַמטן פרייען וועג?

דער מענטש אין מיר איז וואַך, ווי אָקעאַן
וואָס שטורעמט, ברויזט און לייזט זיך אויף אין שוים;
דער מענטש אין מיר איז ווי אַן אַלטער בוים
געלאַסן, ווען מען נעמט אַראָפּ זיין פרוכט.
דער מענטש אין מיר איז לופטיק ווי אַ טרוים.

די ערד איז מיין און אַלץ וואָס הויזט אויף איר
האָט לאַנג, גאָר לאַנג אויף מיין באַריר געוואַרט.
איך האָב געהאָפט, ווייל כ׳בין געוועזן גענאַרט.
פֿון וואָלקנס שפּאַרט די זון אַרויס און לאַכט.
דער מענטש אין מיר איז גוט, דער מענטש איז צאַרט.

# דינאַמיט

.1

מודה אני
יעדן אינדערפרי,
ווען כ׳נעם די זייף אין האַנט,
ווען כ׳נעם דעם האַנטוך פון דער וואַנט,
ווען כ׳באַנעץ מיין גומען —
מאַנען מיך די בליקן שטומע.

.2

זיי זוכן מיך פון אומעטום:
די קינדער אָן אַ נאָמען,
די יידן אָן אַ דאַך.
איך בין זייער קרוב,
מיין היים איז ניט חרוב.
מיין זייף איז אומשולדיק,
מיין אויג געדולדיק, —
אַ, קומט צו מיר, קומט.

.3

ווייל איך בין אַ גאַנצער נאָך געבליבן,
האַלט איך הויך דעם קאָפּ.
כ׳וועל צום טויט ניט ווערן מער געטריבן,
כ׳טרעט ניט אָפּ.

ווייל ס׳איז קיינער ניט געבליבן
פון מיין יחוס־שטאַם,
וועל איך יעדן איינעם ליבן
פונעם טרערן־ים.

ווייל דאָס האַרץ פון וועלט געבליבן
איז פאַרשטיינערט,
האָבן מיר צונויפגעקליבן
זיך ווי איינער.

.4

קלאָג ניט, דיכטער, וויין ניט,
ברעך ניט די הענט;
מיין ניט,
אַז פון טרערן
וועלן ווערן
ציגל, ווענט.

פאַר די לעצטע פיינען
אינעם יאָמער־טאָל
וועלן פויסטן מיינע
ווערן שטאָל.

פאַר צעפלעטן גופל
פונעם אידיש קינד
וועט נקמה־רופן
אַ צעבלאָז־טאָן ווינט.

אויב עס וואַיען שוין שאַקאַלן
אויף מיין אונטערגאַנג, —
קלינגען וועט און שאַלן
אונזער יונג געזאַנג.

.5

מיין אויג איז אָנגעלאָדן,
נאָר ניט מיט טרערן,
עס טראָגט אין זיך דעם שאָדן
שווערן.

איך נישטער יעדנס פנים,
צי ליגט פאַרהוילן
די מאַסקע פון די שונאים־
קוילער.

איך בין ניט מער געדולדיק.
עס פעלט מיר, פעלט,
דער חוב וואָס ס'איז מיר שולדיק
די וועלט.

איך שפאַן און ס'גייט מיין צאָרן
מיט מיר מיט.
איך בין אַליין געוואָרן
אַ דינאַמיט.

# איך וואַרט

איך וואַרט און וואַרט און וואַרט —
מיט ציטערדיקן האַרץ און פיבערדיקער פויסט.
ווי קיזל־שטיין דער היינט איז האַרט,
פון באַמבע־לעכער קומט דער טאָג אַרויס.

איך קוק און קוק און קוק
אַריין אין יעדן צייטונג־בלאַט.
אַזוי־פיל נעמען אומעטום פאַררוקט —
איך לייען זיי און ווער ניט זאַט.

אַ נאָמען פון מיין שטאָט,
אַ נאָמען פון אַ גרויסן שטאַם;
פון אַלע נעמען — שאַנד און שפּאָט —
געבליבן איז פון טויט דער סם.

אַ נאָמען פון אַ יידיש קינד
אין פרעמדן, ווייטן, וויסטן לאַנד.
און טויזנטער, אוי ווי און ווינד,
געלאָזט אויף הפקר און צו שאַנד.

איך זע פאַר זיך דאָס אייגן פלייש און בלוט;
כ׳דערמאָן זיך ליבע פנימער אַצינד;
געבליבן איז אַ טלית און אַ הוט,
געבעט פון קינד פאַרנומען האָט דער ווינט.

פון אַלע נעמען טראָגט זיך בלויז אַ שווייג.
פון אויג די הייסע טרער זיך שפּאַרט.
אין האַרץ דער צאָרן ברויזט און שטייגט.
איך וואַרט און וואַרט און וואַרט.

## דער מענטש דער פשוטער

געווען צו מיר די וועלט איז ווייט און פרעמד,
זי איז געווען מיין ווילסטער שונא.
אַצינד איז נאָענט זי ווי אייגן העמד;
איך היט זי אָפּ און טו זי שוינען.

דער טאָג גייט אָנגעטאָן אין גרוי און העל,
דער הימל האַלט זיך אין איין בייטן.
די חיה וואַרפט אַראָפּ פון זיך איר פעל;
די יאָרן יאָגן זיך ווי רייטער.

געטובלט אָפּט אין קוואַלן פון דער צייט
עס האָט מיין גוף און מיין נשמה.
זיי האָבן זיך פאַרהאַרטעוועט, באַנייט;
זיי הינקען מער ניט ווי די לאָמע.

דאָס קליינע אויג מיינס דרינגט אַריין אין ים
פון וועלט, ווי אַ געניטער טויכער.
אין ברום פון לייב, אין בעטן פון דער לאַם
געשעפּט האָב איך אויך מיינע כוחות.

אַזויפיל צייט געווען אַלץ אויף דער לער
ביים לעבן. איצט בין איך זיין מייסטער.
אויף גאָרער ערד בין איך ניט מער קיין גר.
ס'איז חכמה פון דער וועלט מיין טייסטער.

איך מעסט און צייל די שפע פון דער ערד,
פון העכסטן באַרג־שפּיץ ביז די שטעגלעך.
איך ווייס: דער מענטש דער פשוטער ער ווערט
אַלץ חשובער ביי זיך טאָג־טעגלעך.

# נאַצי

דיזעלבע הענט און פיס ווי מיינע;
אַ נאָז, אַ מויל און אויגן צוויי.
נאָר ווילדע חיה אין דער שטייג
איז קינדיש־מילד אַקעגן אים, דעם נאַצי.

פון דור צו דור, אויף אייביק שוין
וועט נאָכגיין אים אַ קללה, דעם דייטש.
ניט גלויבן וועט דער מענטש פון מאָרגן,
אַז נאַצי האָט געהאַט אַ מאַמען.

פאַרענטפערן מיר קאָנען קאַניבאַלן,
אין שטויב זיך וואַלגערט טאָרקוועמאַדאַ.
נאָר מאָרד־פאַבריקן פון טרעבלינקע
בלייבן וועלן יאָמער־קוואַל פון צייט.

עס קאָן ניט זיין, אַז נאַצי האָט געהאַט
דיזעלבע הענט און פיס ווי מיר;
גערעדט אַ שפּראַך פון קלאַנג און וואָרט,
געטראָגן קליידער אויפן לייב.

געשטאַנק פון טכויר און ציין פון שטשור
איז אונז דערווידער פון געבוירן אָן.
מיר הויבן שטיין אַקעגן שלאַנג
און צעטרעטן קלענסטע וואַנץ.

באַר פון עקלדיקסטן פון באַשאַף
איז נאַצי־צורה דאָס ערגסטע,
זיין אָנבליק ברויזט אויף אין אונז
נקמה בלוט אים צו פאַרלענדן.

לעולם ועד פאַרטיליקן
אין יעדן לאַנד, אויף יעדער שפּראַך,
ביז ערד וועט ווערן ריין
פון נאַצי־שטשור אין אָדמס פורעם.

זייט מוחל מיר, געטרייע אברים מיינע,
וואָס נאַצי האָט אייער מין פאַרשעמט.
מיר וועלן טראָגן אייך געלייטערטע
ווי זונען־שטראַלן איבער גרינעם פעלד.

# ייד, אָ, ייד!

דאָס פינטל ווערעמל, וואָס קריכט מיט מאַטערניש אויף זעמדל,
זיך ראַנגלט פאַרן פיצל לעבן זיינס גאָר העלדיש.
ייד, אַ ייד, דו האַרטנעקיקער ייד,
וואָס האָסט דערצויגן וועלטן, —
ווי קאָנסטו לאָזן זיך פאַרצוקן אָן אַ ווידערשטאַנד?

האָט דער שונא, דער מאָנסטער, דער משוגענער קוילער,
אַרויסגעיאָגט יידן אויף נאַקעטע פעלדער,
געהייסן זיי אויסטאָן זיך אָדם־נאַקעט,
באַפוילן זיי גראָבן קברים וואָס טיפער
און אָנגעשטעלט האַרמאַטן פון אַלע זייטן
און דורכגעווייקט ערד מיט יידיש בלוט.
און יידן, וואָס זיינען געלעגן אין גסיסה,
האָט דורכגעלעכערט קויל, ווי אַ זיפּ.
און באַלד האָט דער מאָנסטער אין מענטשן־געשטאַלט
צונויפגעטריבן אַ נייע עדה יידן,
ווי שאָף צו דער שחיטה,
און געהייסן זיי פאַרדעקן דאָס בלוט פון די קדושים.

און געוויינט האָט די נאַקעטע ערד
און געוויטיקט האָט איר אינגעווייד.
און זינג־פייגעלעך האָבן גענומען קלאָגן
פון הויכע תליות אויף וויסטן חורבן.

און ווידער גרינט די ערד אין פולער פראַכט
און פרילינג שמייכלט ווי אַ יונגע כלה.
און מענטש וועט קוויקן זיך מיט נייע קאַרשן
און באָדן זיך אין קלאָרע וואַסערן.

דער מאָנסטער קוילער שעכט אָן אויפהער.
די ערד ווערט רויט, דער הימל גרוי,
אַ שברי־כלי ווערט די שיינע וועלט.

האָט אָנגעקלאַפּט אין דיין טיר דער גאַסט ?
ער וועט אַריין צו דיר היינט־מאָרגן.
אַ שיינער איז ער און אַ בראַווער, —
דער יונגער, פרישער טויט.

זיין קול איז ברוסטיק־טיף.
ער ברענגט אַ גרוס פון דיינע קרובים ;
אַ גרוס וואָס בויערט דורך דאָס האַרץ.
ער איז געקומען וואָרנען דיך,
דער טרייער פריינט.

גורט אָן די לענדן, ייד !
און ראַטעווע די וועלט פון מאָנסטער.
ניטאָ פאַר דיר קיין לעבנס־רו —
דער מאָנסטער רוקט זיך אָן אויף דיר.
ער וועט דיר הייסן גראָבן זיך אַ קבר.
ניט ציטער ווי אַ בלאַט...

האָסט איינגעזאַפּט אין דיינע נאָזלעכער
דאָס פרישע בלוט פון מענטשן־קינדער ?
פאַרנומען האָט דיין אויער
דעם לעצטן כאָרכל פונעם גוסס ?

שטיי אויף! ברויז אויף און ווער פאַרצאַפּלט!
דער מאָנסטער רוקט זיך אָן אויף דיר,
מיט בלוט־געטונקטע לאַפּעס.

ייד, אַ ייד, ניט צאַפּל זיך אין גסיסה־ווייען!
נאָר שטורעם אויף ווילד, ווי אַן אוראַגאַן;
צעוויכער זיך ציקלאָניש
אויף מערדער־סטאַיע,
פאַרלענד אים ביזן גרונט,
פאַרטיליק אים, פאַרמעק
פון פנים פון דער ערד.
ברויז אויף, אַ ייד,
מיט מאַקאַבייער־מוט,
מיט פייער־בלוט.
ניט קער זיך אום פון קריג,
ביזן לעצטן זיג!

.1942

# באַלאַדע פון אַ פוילישן ייד

עס יאָגן זיך יידן פון שטעטל צו שטעטל,
ניטאָ וואו צו לויפן אויף פוילישער ערד.
די וועלט איז אַ שלאַכטהויז, די וועלט איז אַ געטאָ.
עס העלפט ניט קיין קלאָגן, עס העלפט ניט קיין בעטן,
דאָס מענטשלעכע האַרץ האָט אַ באָמבע צעשטערט.

עס טראָגט זיך דער דייטש ווי אַ בלוטיקער וויכער,
אַ מערדער פון וואַנזין, אַ רויבער פון קינד.
יסורים פון יידן זיין וואוילטאָג פאַרזיכערט,
ער שפרייזט איבער חורבות אַלץ גיכער און גיכער,
פון ערדישן גיהנום דער הימל זיך צינדט.

נאָר הענעך פון לאָדזש האָט די הענט ניט פאַרבראָכן.
עס איז נאָך געבליבן איין איינציקער שטראַל,
וואָס טוט אים דערפרישן מיט מוט און בטחון,
וואָס וועט אים באַפרייען פון נאַצישע יאָכן.
דאָס הערט ער אין האַרצן דעם מעכטיקן שאַל

פון אַנדערע קריגער, פון זעלנער באַפרייער,
וואָס טרעטן נאָך אָפּ אין פאַרבלוטיקטן שניי.
פאַרוויסט האָט די ערד שוין די דייטשישע חיה,
באַצאָלן דער „רייך" וועט גאָר טייער, גאָר טייער,
דעם חשבון וועט פירן די רויטע אַרמיי.

מיט ווייב און מיט קינדער אויף גיך זיך געזעגנט;
געפינען אַ רעטונג ער וועט שוין פֿאַר זיי.
מיט פייער דער הימל געהאַט האָט גערעגנט,
דורך נאַכט און דורך טויט און דורך וואַיענדע וועגן,
דערגאַנגען איז הענעך צו רויטער אַרמיי.

פיל פוילישע יידן האָט הענעך געטראָפן
אויף זיכערן באָדן פון ראַטן־פאַרבאַנד.
צוזאַמען מיט בירגער איז פליכטלינג געלאָפן,
דער שיכורער שונא געווען איז באַזאָפן
מיט בלוט פונעם זויגלינג פון אַרבעטער־לאַנד.

די שעה פון נקמה האָט ענדלעך געשלאָגן,
באַצאָלט האָט דער דייטש פאַר זיין ביינער־פאַרזיי.
באַצאָלט פאַר די פיינען, פאַר יאָמערלעך קלאָגן,
פאַר פלאָגן וואָס ס׳וועלן די דורות נאָך טראָגן.
דעם חשבון געפירט האָט די רויטע אַרמיי.

צוריק שוין קיין פוילן איז הענעך געפאָרן,
קיין זכר פון קיינעם געפונען, אוי ווײ!
עס וואַקסט אין אים שטאַרקער צום נאַצי דער צאָרן,
און וויפיל געבליבן צום לעבן אים יאָרן,
געגעבן זיי האָט אים רויטע אַרמיי.

# ניט בלויז...

ניט בלויז די שאַנד וואָס עיפּושט פון בערלין,
מיט טריפנדיקן בלוט פון קינדער־קוילער,
נאָר ס'איז פאַראַן אַן אַנדער מענטשן־מין,
וואָס טוליעט זיך צו וועלט וואָס האַלט אין פוילן.

ס'טוט ווי פאַר שטעטלעך אייגענע אין ווייט,
מיט פרישע וואונדן, אין מיין היים אין פוילן, —
נאָר אויך פאַר מענטש, וואָס שפּרייזט מיט מיר ביים זייט
און וויל — מיט צונג זיינער — מיך דווקא קוילן.

עס ציטערט ס'האַרץ פאַר וואַרשע — אין פייער און אין קויל,
פאַר נאָענטע ביים וואַנזין־מערדער היטלער,
נאָר וואַנזיניק איז אויך דאָס לויזע מויל,
וואָס האָט געזאָלט אַ פריינט זיין און פאַרמיטלער.

ער גלאָצט צום הימל אומשולדיק און טרערט
און האָט אַ פּנים פון אַ צאַרטן אידעם,
נאָר וואו ער איז, פאַרדאַרבט ער דאָרט די ערד,
אין מוטנעם וואַסער פּלאַדיען זיך דאָך שדים.

פאַרטיליקט ווערן וועט די היטלער־פּעסט,
מיט איר פאַרשווינדן וועלן די מיקראָבן.
דערווייל דאָס גרינע בלאַט פון בוים זי פרעסט
און איבער פּגרים קראַקען סטאַיעס ראָבן...

1941.

# שאַץ אָפּ

.1

איך קום צוריק אַהיים פון יאָמער־טאָל,
איך בין ניט דער וואָס כ'בין געווען אַמאָל.
עס האָט אין וועג פאַרפאָלגט מיך טויט־געשטאַלט,
געדראָט האָט מענטשן־ביין פון יעדן שפּאַלט.
איך קום צוריק אַהיים פריצייטיק אַלט.

זיך אויסגעלאָשן האָט דער פונק פון בליק, —
עס קומען מיינע פריינט ניט מער צוריק;
פאַרלאָרן האָב איך זיי שוין אומעטום;
איך רוף און ס'ענטפערט קיינער ניט, ס'איז שטום.
איך הער זיך איין צום אייגענעם געברום.

געדאַרפט האָט זיין די וועלט אַ ליבעס־נעסט,
איז האָט צעפרעסן זי אַ פּלאָג, אַ פּעסט.
איך האָב מיר טרוימען הערלעכע געבויט,
איך האָב זיי מיינע שכנים אָנפאַרטרויט —
איצט האָט פאַרטיליקט אַלץ דער אכזר־טויט.

ס'איז שיין געווען געזאַנג פון נאַכטיגאַל,
ס'איז ליב געווען דאָס ריזלען פונעם קוואַל.
איך קום צוריק אַהיים פון טויטן־טאָל.
איך האָב געהערט פון פיין דאָס טיפע קול.
איך בין ניט דער, וואָס כ'בין געווען אַמאָל.

.2

מיט מענטשן־אַש איז נאָך פאַרשטויבט מיין גוף,
עס קלינגט אין אויער דאָך דער לעצטער גסיסה־רוף.
כ׳האָב צוגעזען דעם מאָרד, די גרעסטע שאַנד,
און מאַכטלאָז איז געווען מיין האַנט,
ווען ס׳האָט צום יאָמער־טאָל מיין שטאַם געשפּאַנט.

כ׳בין דאָ צוריק, כ׳האָב אַלץ געזען, געהערט.
איך טרעט אויף פרייער, לעבעדיקער ערד;
איך פריי מיט יעדן איינעם זיך און גריס.
אויף אייביק ווייס איך שוין וואָס לעבן איז.
די גרוב פון טויט איז שוואַרץ, דאָס ליכט איז זיס.

כ׳בין דאָ צוריק, געלאָדענער מיט פּיין.
איך קוק אין אַלע פּנימער אַריין,
איך רייד צו יעדן איינעם און איך זאָג:
געטראָפן האָט אונז אַלעמען די פּלאָג,
נאָר אויפגיין וועט די זון צום נייעם טאָג.

דער מענטש—ער בלייבט. עס אָטעמט יונג און אַלט.
עס גרינען ביימלעך שוין אין יונגן וואַלד.
עס לאַכט דער זויגלינג און דער זקן לאַכט.
איך ווייס: איך האָב פון שוואַרצער וויסטער נאַכט
אַ העלן אָנזאָג אַלעמען געבראַכט.

3.

דער שענסטער אוצר פון דער וועלט איז מענטש.
האַלט טייער אים און ליב, און לויב און בענטש.
געווג מיט ווייטיקן זיין האַרץ פאַרקלעמט,
גענוג דאָס פּנים ליכטיקע פאַרשעמט,
שאַ אָפּ דעם מענטש פון נאָענט און פון פרעמד.

שאַ אָפּ דעם שטילן שכן ביי דיין טיר,
וואָס גאַרט שוין לאַנג אַ וואָרט אַ גוטס פון דיר.
טייל אויס דיין גנאָד, די וואַרעמקייט צעשטראַל,
גענוג געפּייניקט זיך אין כף־הקלע.
עס שטרעקן אָרעמס זיך פון איבעראַל.

דעם שונא פונעם מענטש פאַרטרייב פון ערד,
צעשטער דעם פּיינט וואָס לעבן זיינס באַשווערט.
געזונטע קערנער האָבן מיר פאַרזייט
און אויפגיין וועט פון זיי אַ פרילינג־פרייד.
דער יום־טוב פון דער וועלט ער קומט, ער גייט.

זיי גוט צום שוואַכן ציטערדיקן קינד,
שאַ אָפּ דעם אַלטיטשקן וואָס באַלד פאַרשווינדט.
דערמאָן זיך ווער ס׳איז שוין מיט דיר ניטאָ,
האָב ליב דעם מענטש וואָס איז געבליבן דאָ.
זאָל טייער זיין פון לעבן יעדע שעה!

# צו ענגלאַנד

באַווייז דיין גבורה, בריטאַניע,
דו הערשערין איבער די כוואַליעס.
נעם, שלײַדער די יידן פאַרשמאַכטע,
ווי פוטבאָל, פון טויער צו טויער.

אין שטויבן עס ליגט מאַגנאַ קאַרטאַ,
צעטראָטן פון דיינע פאַרטרעטער;
אין האַנט דיינער ליגט ניט די ביבל,
נאָר „קלאַב" קעגן מוטער און קינדער.

און וואָס וועסטו ענטפערן דורות,
וואָס וועלן דיר שטעלן די פראַגע:
ווי נעמט עס דזשאָן בול דער באַשיצער
און שלאָגט זיך מיט הילפלאָזע פליטים?

אָ, ענגלישמאַן שטאָלצער, געשטעלטער,
דו, יורש פון שעקספיר און שעלי,
וואו איז דיין געפיל פון רחמנות?
וואו האָסטו פאַרלאָרן דיין בושה?

אָ, ענגלישע פאָטערס און מוטערס,
איר זוכערס פון היימען אין לענדער —
ווי אַרט אייך ניט גורל פון יידן,
וואָס וואָנדערט אויף הימלאָזע ימים?

עס טייטלט דער פינגער פון געוויסן
אין האַרצן אַריין דיר, אָ, ענגלאַנד.
דאָס געמיטלעכע שוויגן פון פאָלק דיינס,
וועט בלייבן אַ שאַנד־פלעק אויף דורות.

די כוואַליעס וואָס טראָגן די יידן
פון אוישוויץ און בעלזען און דאַכאַו,
די כוואַליעס, זיי דראָען דיך, ענגלאַנד,
די כוואַליעס, זיי קלאַפּן ווי פויסטן.

באַווייז דיין גבורה, בריטאַניע,
און שליידער די יידישע קינדער
צוריק אויף די שאַרבנס פון טאַטעס,
צוריק צו די דייטשישע הענקער.

דו האָסט דיינע קינדער געלערנט
די מעשה פון דוד און גלית.
דער צאָרן פון דור געפרעכטן
וועט פּלעטן דיין קופּערנעם שטערן.

סעפּטעמבער, 1947.

# דער ריז

אַזוי וועט דאָס זיין און אַזוי וועט דאָס בלייבן.
עס וועט פון אונז שפּריצן מיט פונקען פון שטאָל.
מיט בלוט וועט מען מער מיין געשיכטע ניט שרייבן,
אַ סוף — צום אַמאָל.

אַ, דיכטער פון אומרו, הערט אויף שוין צו קלאָגן.
ניט טרערן, נאָר ציגל זאָל טראָגן אייער ליד.
אַ, רעדנער און זאָגער, דערזעט די פאַרטאָגן
פון וואַכיקן ייד.

אין האַרצן פאַרחתמעט פון געטאָ די נעמען,
מיר קוקן אויף וועלטן מיט אויגן פון וואָר.
ס'וועט מער ניט די טאַטעס און מאַמעס פאַרשעמען
פון מאָרגן דער דור.

דער אמתער גבור ער נעמט זיך ניט איבער
מיט גבורה, וואָס גרייט איז מיט שאַרפקייט פון שפּיז.
פון היינט־אָן דער ייד איז אַ שווייגנדער גבור,
דער ייד איז אַ ריז.

# אַ יידישע מאַמע וועגן איר זון, דעם וואָלונטיר

זי האָט געזען דעם טויט, נאָר ניט ביים טייך כאַראַמאַ,
זי ווייס ניט וואו עס וואַכן פירענייער בערג.
פון שטעטעלע אין פוילן אירע וואָרצלען שטאַמען,
דעם יחוס ציט זי פון די קאַלטע האַנדלס־מערק.
זי איז אַ יידישע, אַ וויינענדיקע מאַמע.

ס׳איז אירס דער קרעכץ, ס׳איז אירס דער נחת פון די קינדער,
און צוליב זיי האָט זי פאַרלאָזן ס׳צאַרן־לאַנד.
און ווי ס׳איז איינגעגלויבט אין יעדן מענטש אַ בלינדער,
אַזוי האָט זי געלאָזט זיך פירן פאַר דער האַנט —
פון קעסלגאַרדן — צו אַ שפּראַך פון „טעיבל־ווינדע״.

ס׳איז נאָענט איר די היגע ערד צוליב דער קרקע.
דאָ ליגט איר מאַן און דאָ וועט ליגן איר געביין.
אָ, ווען מען וואָלט געקאָנט אַהערברענגען איר אַרקע,
וואָלט צוגעפאַלן זי און געקושט די ערד, דעם שטיין, —
נאָר ער איז דאָרט און זי איז דאָ און מוז זיך שטאַרקן.

אָ, גאָט, ווער מאַכט דאָס לעבן אַזוי שלעכט און ביטער?
איר זון, איר ליכט אין קאָפּ, אַוועק איז ווי אין ווינט.
געפאַלן, ווי אַ יונגער בוים אין אַ געוויטער.
ער קומט ניט מער צוריק, דאָס איז איר קלאָר אַצינד.
זי קאָן ניט וויינען מער, נאָר ס׳טוט אין אויג אַ ציטער.

ס'איז אמת, וואָס די בלעטער האַלטן אין איין זאָגן:
עס רוקט זיך אָן אויף אונז פון אומעטום דער פיינט.
ס'האָט אַרקע'ס האַרץ ניט מער געקאָנט דאָס שלעכטס פאַרטראָגן.
ער האָט געטענהט רק: „מיר לעבן, מאַמע, היינט!"
פון פרעמדע קינדערלעך האָט ער געהערט דאָס קלאָגן.

ער איז אַוועק אַהין, אין ווייטן לאַנד, צום שונא.
עק וועלט, אין שפּאַניע גאָר, וואָס איז דער חילוק איר?
מען זאָגט, דאָרט גיסט זיך איצטער בלוט, ווי אין אַ באַינע.
ס'איז פריש איר וואונד. עס וויטיקט וואו זי גיט אַ ריר.
ס'האָט אכזר־טויט זיך אָפּגעזאָגט איר זון צו שוינען.

ס'דערמאָנט איר יענע צייטן פינצטערע ביי פּאַניען,
מען האָט געפּאָכעט מיט נאַגאַיקע און מיט שווערד.
געפּוילט אין טורמע האָט די בלום, איר שוועסטער דאַניע.
צו שטאַרבן העלדיש איז אויך איר געווען באַשערט . . .
עס קלינגט מיט אַרקע'ס נאָמען אַזש אין קאַטאַלאָניע.

אַזוי האָט ער געוואָלט. צוריק וועט ער ניט קומען.
באַשיצט האָט ער אלמנות און יתומים דאָרט.
ער איז געשטאָרבן ווי אַ הייליקער, אַ פרומער.
ס'ווערט איינגעבאַקן איר אין האַרצן ס'ווייטע אָרט.
זי וויל נאָר איינס — ס'זאָל גיכער זיין נצחון קומען.

1937.

# הערט נאָר, מענטשן, הערט!

(אין פאָלקס־טאָן)

אין זומער בליט די רויז,
אין ווינטער בליט דער שניי,
נאָר אין מיין אָרעם הויז
דער טויט, ער בליט, אוי וויי.

אַ ווינטל גיט אַ בלאָז,
אַ פויגל גיט אַ טרעל,
און גרינער ווערט דאָס גראָז,
ווען ס'טוט די זון אַ העל.

נאָר פון מיין עלנט אויג
עס גיסט זיך טרער נאָך טרער.
ווייל ס'וואַרעם בלוט מיינס זויגט
דער מערדער פון דער ערד.

דער מערדער היטלער, טפו,
ס'איז ער, ימח שמו,
די שאַנד פון דער נאַטור,
די שמאַך פון מאַמע־פרוי.

פאַרשאָלטן זיין געביין,
ס'איז טויט — זיין יעדער ברום.
אַ יאָמער, אַ געוויין
פלאַצט אויס וואוהין ער קומט.

באַר הערט באַר, מענטשן, הערט,
אַ בשורה און אַ פרייד.
דער גואל מיט זיין שווערד
אויף מערדער היטלער גייט.

און ווייסט איר ווער דאָס איז,
וואָס זאָגט צום אכזר: שטיי!
דאָס איז אַ פריינט, אַ ריז,
דאָס איז די רויט־אַרמיי.

זי גייט באַפרייען ערד,
וואָס איז מיט בלוט באַנעצט.
פאַרטיליקט היטלער ווערט,
דער רויטער קלאַפּט אים, זעצט.

עס וועט ניט זיין קיין רו,
דאָס איז אַ פעסט געבאָט,
ביז מערדער היטלער, טפו,
וועט ווערן אויסגעראָט.

געבענטשט זאָל זיין די האַנט
אויף יעדן ווינקל ערד,
וואָס יאָגט זיך באַכאַנאַנד
מיט בלאַנקער, שאַרפער שווערד

נאָך יעדן היטלעריסט,
נאָך יעדן פיינט פון וועלט,
וואָס האָט דאָס האַרץ פאַרוויסט,
וואָס האָט די זון פאַרשטעלט.

געבענטשט זאָל זיין די האַנט
פון רויטן אומעטום,
וואָס האָט זיין פאָלק, זיין לאַנד,
געמאַכט צום שטאָלץ און רום.

די זון וועט שיינען העל,
די רויז וועט בליען רויט,
ווען היטלער ווערט אַ תל,
ווען ס׳נעמט אים צו דער טויט.

אין אויג זיך צינדט אַ פרייד,
ווען רויטער טוט אַ קנאַל;
דאָס האַרץ אַ טענצל גייט,
ווען היטלער טוט אַ פאַל.

דער הימל איז פאַרטרערט,
די וועלט אין בלוט זיך באָדט.
דער מערדער פון דער ערד
מוז ווערן אויסגעראָט.

יולי, 1941.

# צו אַ געפאַלענעם סאָוועטישן העלד

דו ביסט געווען דאָס שוואַרצאַפּל פונעם אויג
ניט בלויז פון אייגן פאָלק און לאַנד, —
צו יעדן קינד פון נויט און פּיין
האָסטו געשטרעקט דיין ברודער־האַנט.

עס האָט אַרויסגעשטראַלט פון דיר דער מאָרגן,
ליכטיקער פרימאָרגן פון דער ערד;
ווי אַ פאַס פון פרייהייט־ליכט
געלויכטן האָט דיין בלאַנקע שווערד.

איצט ליגסטו — ליים אויף ליים,
איצט ביזטו — גראָז און בלום.
פון דיר — אַן אָנזאָג פון נצחון
צעשפרייט זיך אומעטום.

דו פעלסט אונז אויס, ווי שטראַל פון זון,
נאָר פון דיין לאַנד עס הויבט זיך רעגנבויגן,
עס צינדט די ערד, עס צינדט מיין האַרץ
דער העלער פלאַם פון דיינע טויטע אויגן.

נאָוועמבער, 1941.

# פרילינג־ליד, 1942

.1

קעגנאיבער אויפן דעכל ליבן זיך צוויי טויבן,
נאָר העכער, העכער — אויבן, אויבן,
לופט פאַרטויבן
באָמבערס־עראָפּלאַנען.
און זיי ברומען און זיי זשומען
איבער שטעט און איבער שטעגן,
איבער בערג און איבער פלוינען,
און זיי רופן און זיי מאָנען
צו פאַרטיליקן די שונאים,
אָפּצואווישן זיי פון פנים
פון דער ערד.
הערט!

עס רודערט ניט מאָטאָר פון עראָפּלאַן,
דאָס זעצט דאָס האַרץ פון פליער,
דאָס יונגע ברויזנדיקע האַרץ.
גאָר ווייט איז די נסיעה,
נאָר נאָענט איז דאָס פּלאַץ
פון טאַטע־מאַמע.
אפשר וועט דער שונא מאָרגן צילן
און לופט פאַר'סמ'ען.

עס מאָלן ניט קיין מילן
ווייסן מעל,
און פייגעלעך ניט שפּילן
און נאַכטיגאַל ניט טרעלט.

נאָר איבער הימלען בלויע
פליען וועלף און וואָיען,
ווייל פרילינג־זון
ליגט געפאַנגען
אין רויבער־צוואַנגען.

.2

אין פינצטערער נאַכט
יאָמערט דער חלום פון רו.
ערגעץ וואו
וואַכט,
לויערט
שונא אומעטום.
נייג אָן דיין אויער,
הער, ער קומט!
לאָד אָן מיט דינאַמיט
דיין האַרץ.
פליער־שאַץ,
נעם מיט
דאָס האַרץ פון דינאַמיט.

קעגנאיבער אויפן דעכל ליבן זיך צוויי טויבן,
נאָר העכער, העכער — אויבן, אויבן,
ברומען לייבן־עראָפּלאַנען
און זיי וועקן:
אויפגעשטאַנען!
אויס מיט שרעקן,
אויס מיט טרויער!
פאַרלענד דעם פיינט —
היינט!

# צו אַ מאַמע

.1

ווער קאָן לינדערן דעם ווייטיק דיינעם, מאַמע ?
ווער קאָן אָפּשטעלן דיין טרערן־קוואַל ?
דיין צער איז טיפער פון אַלע ים׳עז.
דיין קינד, דיין גליק,
ער קומט ניט מער צוריק.

„אָט איז זיין בעט, אָט איז זיין שטול,
אָט זיינען זיינע ביכער.
אַ פריידיקער אַריין פון שול:
׳אַ, מאַמע, עסן, גיכער!׳
די שטוב האָט אָפּגעהילכט פון זיין געלעכטער . . .
און שוין געפּאַקט האָט אים דער שעכטער.“

.2

און איצט — ווען אויסגעלאָשן איז דיין אויג,
אַ, טריבע, אויסגעשעפּטע מאַמע,
נייג אָן דיין אויער און הער זיך איין:
דו הערסט דעם רוף פון וועלט אין פּיין ?
דו הערסט געוויין פון קינדער אַרום דיר ?
די הערצער קלאַפּן אין דיין טיר.
עס רופן יונג און אַלט:
דער ברודער זינקט, די שוועסטער פאַלט,
די וואונד איז פריש, די ערד איז קאַלט,
אַ, העלף אונז, מאַמע, העלף.

.3

ווער זיינען זיי, ווי קומען זיי צו דיר?
עס וועט דיר נאָכגיין זייער ווי.
זיי זאָגן: „דאָס זיינען מיר, מיר, מיר!“
דו פרעגסט: ווער זיינען זיי?

פון יעדער קעל, פון יעדן מויל
דער ענטפער קומט:
„עס האָט דיין זון מיט לעצטער קויל
דעם פיינט אַנטשטומט —
פאַר אונזער לעבן.
זיין טויט האָט פרייהייט אונז געגעבן.
ער הערט ניט מער, ער זעט ניט מער.
עס וועט ניט העלפן אים דיין הייסע טרער.“

.4

איצט וואַרט אויף דיר דאָס גרויסע הויזגעזינט
אָ, ליבע, טרייע מאַמע:
דאָס קליינע ציטערדיקע קינד,
די שוועסטער אין וואונדן,
דער ברודער אין יסורים.
עס וואַרט אויף דיר
דער פרעמדער נאָענט־נאָענטער מענטש.
אָ, בענטש

זיי מיט דיין באַריר;
פֿאַרליר
ניט קיין איבעריקע רגע.
דיין זון וועט דיך פֿרעגן:
„האָסט זיי געהאָלפֿן, טייערע מאַמע?“

דיין צער איז טיפֿער פֿון אַלע ים׳ען.
נאָר דיין ליבע ווייסט ניט פֿון קיין צאַמען.
זע: פֿון אַלע וועגן
קומען דיר אַנטקעגן
שלוחים פֿון דיין קינד.

אָ, קום געשווינד,
שטרעק אויס דיין וואַרעמע האַנט,
גיי מיט זיי צוזאַמען,
זיי צו זיי אַ מאַמע.

.1943

# איך און דו און ער

.1

איך קוק אַריין אין דיינע קליינע אויגן
און כ׳זע:
עס איז בלוי־פייגעלע אַרויסגעפלויגן,
די נעסט איז פוסט,
מיט גרויען שפּינוועבס אָנגעצויגן.

כ׳קלאַפּ אָן אין היימיש־נאָענטע טירן,
ס׳באַגעגנט מיך אַן אַנגסט פון טויט.
דאָס הויזגעזינט טוט פיינט דערשפּירן,
עס ציטערט הויט,
די בליקן — פרירן.

אין גאַס, אין שפּאַן מיט מענטשן־קינדער,
בייגט זיך אויך מיין פּלייצע איין.
עס טרייבט אַ קנאַלנדיקע בייטש: „געשווינדער!"
איר סוויסטש איז פּיין,
איר פּאַך מאַכט בלינדער.

אויף אַלע ראָגן וואַרט פאַרבאָרגן
דער רויבערישער פיינט.
גייען מיר אַרום און זאָרגן:
ווען פּאַקט ער אונז — היינט
צי מאָרגן?

.2

איך און דו און ער:
„אונזער ערד
איז שווער.“
פרעגן מיר: וואו
איז רו?
איך און דו און ער
פֿאַרגיסן טרער נאָך טרער.
ווער איז שולדיק, ווער?
שווער, אָך ווי שווער!

און אין דרויסן ביי דער שוועל
פּיקט זיך צוויט,
די זון זי העלט,
די ערד זי גיט
מיט פֿולער האַנט.
דאָס גרעזל גרינט,
דער פֿויגל זינגט,
דער בוים דערוואַכט,
דאָס בלימל לאַכט.

איך און דו און ער —
„אוי, ווי שווער!“
לאַכט די זון
און דאָס פֿרישע גרעזל לאַכט.
וואו איז דיין מאַכט? —
פֿרעגט אונז אַלטער בוים.
און וואַסער שוים
ביים ברעג פֿון טייך

פייקלט אויף ערדס טיר:
מענטש, ביזט רייך,
ניט קוק אויף מיר.

חידושט זיך דער גאַסט — דאָס שוועלבל:
מענטש אין טרויער?
גלאָצט דאָס ניי־געבאָרן קעלבל:
מענטש באַדויערט?

הימל — בלוי,
ערד אין טוי,
לופט איז מאַי,
טאָג איז ניי.
טאָג באַדויערט
מענטש אין טרויער.

.3

די בלום פאַרגייט,
דער מענטש באַשטייט.
דאָס האַרץ — דער פויקער —
רופט און וועקט,
טרייבט די שרעק,
דעם דורותדיקן הויקער,
פון אונזער קינד אַוועק.

און איך און דו און ער:
אויב ס'לויערט פיינט
און ערד באַשווערט —
די זון, זי שיינט
און ס'בלאַנקט ווי זי די שווערד.

אויב פרייער רוים געהערט
דעם שווערבל צאַרט, —
האָט מענטש צו־לאַנג געוואַרט.

און איך און דו און ער:
פאַר אונז די ערד,
פאַר אונז דער רוים.
פאַרוואַנדל טרער
אין שוים,
אין טוי.
דער פויקער — האַרץ
איז אויף דער וואַך.

פון נאַכט
ווערט טאָג,
פון שוואַרץ
ווערט בלוי.

זאָג:
אין אונז די מאַכט,
אין אונז די פרייד.
דאָס בלאָט פאַרגייט,
דער מענטש באַשטייט.

עס בלאַנקט דער שאַרף פון שווערד
אין אונזער אויג.
און איך און דו און ער —
ביט געבויגט
זיך מער
פאַר פיינט
היינט.

# גרעסטער וואונדער

.1

ווער דאַרף דען איצטער פרילינג־לידער,
ווען רויטער זאַפט פון דיינע ברידער
ווייקט דורך די וויסט־געשענדטע ערד ?
עס יאָמערן פון צער די גלידער
און פּאַלסט אַליין אַוועק אַ מידער
פון שטייגנדיקן צאָרן פאַרצערט.

.2

די צייט איז אַ פליג
אין נעץ פון דער שפין.
נאָך קריג קומט זיג,
נאָך שניי קומט גרין.

די וועלט איז אַלט,
ס'איז יונג דער העלד.
דער שוואַרצער וואַלד
די זון פאַרשטעלט.

.3

פאַראַנען וואונדער אומעטום,
וואָס זיינען אַלט, נאָר בלייבן ניי.
זיי זיינען שפּלדיק און רויטלען זיך פאַרשעמט ;
זיי זיינען איידל, צאַרט און נאָכגיביק,
דאָך ליגט אויף זיי דער חותם פון פּערפעקטקייט.

מיט וויפל ווייטיקן דו ביסט צו זיי געקומען,
אַ היילונג האָבן זיי פאַר דיר געהאַט;
און וויפל מאָל דו ביסט געווען אַנטציקט,
אַלץ נייע וואונדער האָבן זיי אַנטפּלעקט.

דאָס איז דער גרויסער וואונדער פון יצירה,
דאָס איז דער צויבער פונעם פרילינג.
די שטילע פרייד פון שפּראָצנדיקן בלימל,
די עקזאַלטאַציע פונעם לעבן,
וואָס ווייזט דעם וועג צום היינט און מאָרגן.

דו שטייסט מיט אויגן אויסגעגלאָצט
און ס׳רייסט זיך ליד פון קעל אַרויס;
געזאַנג צו שטומער, שוואַרצער ערד,
וואָס האָט דאָס גרינע גראָז אויף פעלד געבאָרן,
וואָס האָט אין ראָז די קווייט באַצירט,
וואָס האָט מיט אַראָמאַט די לופט געבאַלזאַמט,
וואָס האָט דיך אָנגעגלוסט
צו טאַנץ פון לעבן, צום וואַלס מיט וועלט.

.4

האָסטו געזען מאַגנאָליע־בוים אין בלי?
די זילבער־קאָרע גלאַנציק אויסגעשייערט,
די רונדע שפּראָצן ווי פייל־אין־בויגן אָנגעצויגן
שטייף אַרויף צום קושער־זון.
די טונקל־גרינע מענטעלעך
צעכראַסטעט און אויף ערד צעשויבערט,
ווען שפּראָצן פּלאַצן אויס אין אַ באַפריי־עקסטאַז.

עס עפנט זיך דער פֿאַרהאַנג
פֿאַר פֿריידיקן ספּעקטאַקל.
מאַגנאָליע־בליטן פֿאַרנייגן זיך
מיט צורות ליכטיקע און פֿרישע,
ווי יונגע טענצערקעס
צום יאָרפֿעסט קאַרניוואַל.

עס פֿלאַמען אויסגעשפּרייטע שווערע צווייגן,
ווי אַ כאַפּטע האָפֿקענדיקע חסידים
מיט קאָלירטע פֿלאַקערדיקע הבדלות,
מיט פֿינקלדיקע קעלישקעס און בעכערס.

ס'איז יום־טוב אויף דער וועלט.
מאַגנאָליע־ריח שיכורט אָן אַרום,
מיט שאַרפֿן אַראָמאַט פֿון אַפּעלסינען.
פֿאַרצויבערט ווערט דאָס אויג פֿון פֿרייד־קאָלירן,
די נאָז־לעפֿלעך ציטערן פֿון תענוג,
אין קאָפּ ווערט ליכטיקער און לייכטער,
עס לייטערט זיך דאָס האַרץ, ווי אויסגעבאָדן.

ס'איז מאַגנעט מאַגנאָליע־צוויט,
וואָס דרינגט אַריין אין בלוט
מיט עלעקסיר־באַרויש,
וואָס ווינקט צו דיר מיט יוגנט־חן:
„זאַפּ איין מיין זאַפּט,
נעם אָן די פֿולע זשמעניעס פֿרילינג."

מאַגנאָליע־צוויט איז לעבנס־פֿרייד
און גרעסטער וואונדער פֿון דער ערד
איז בלי פֿון קלענסטן בלימל.

# פאַר וועמען איז די וועלט?

(פּאָעמע)

.1

אין דרויסן וואָיען ווינטן ווינטערדיק און ווילד.
דיביימער שטרעקן שוואַרצע אָדערדיקע הענט.
אַ האַרטער שניי געפּאַנגען האָט די ווייכע ערד,
ווי ס'וואָלט איר אָטעמען געווען אַצינד פאַרווערט.

די יונגע קראָען אויף די צווייגן בעטלען שפּייז,
און גרוי און וויסט דער הימל איז און שטייף ווי אייז.
עס זיינען מענטשן פיר געשטאָרבן היינט פון קעלט.
איך פרעג זיך יעדן טאָג: פאַר וועמען איז די וועלט?

אין אויער קלינגט עס: „הירא־שימאַ!" „נאַגאַסאַקי!"
און אפשר וועט די באָמבע מאָרגן אונז אויך פּאַקן?
און אפשר וועט פון עמפּאַיר סטעיט אויך ווערן אַש?
מה רעש? —

אַז אַש און זייף געוואָרן איז פון מיינע שוועסטער.
און ס'האָט געשוויגן גאָט פון ליבע און פון רחמים.
און ס'האָבן פרומע לייט די אויגן זיך פאַרשטעלט.
איך פרעג זיך יעדן טאָג: פאַר וועמען איז די וועלט?

.2

עס גייען לענדער אין געוועט:
צעשטערן ווער וועט וועמען פריי'ר.
מען ציטערט טאָמער ווערט צו־שפּעט
און ס'וועט אַ קלאַפּ טאָן פיינט אין טיר.

פון אַלע אויגן קוקט אַרויס דער טויט,
וואָס האָט אַ וואַנט אַרום אונז אויפגעבויט.
אין הייסע טעג עס בלאָזט מיט טויטער קעלט.
איך פרעג זיך היינט: פאַר וועמען איז די וועלט?

ס'וויל ווידער רויבער ווערן מושל
און בלוט־דורשט איז אַריין אין מאָדע.
פאַרגעסן שוין דאָס וואָרט נקמה
און מאַמעס ציטערן — מלחמה.

עס ציען זיך פּראָצעסיעס בייע
פון פאַרלאָזענע לוויות,
פון ביינער לעבערדיק פאַרגעלט.
איך פרעג: פאַר וועמען איז די וועלט?

3.

די חכמה פון דורות — אַ שילד אויף מיין טיר.
די שליסלען פון ערד־סוד געהערן צו מיר.
ראַקעטן, אַטאָמען און וואונדער אָן שיעור —
זיי שטייען געגרייט שוין אויף מיינס אַ באַריר.

אַ סוף צו דיליידן, אַן ענד צו די זאָרגן:
מיר ברענגען גן־עדן דעם היינט און דעם מאָרגן.
ס'וועט ווערן אַ שפע פון וואָס ס'האָט געפעלט.
איך וויים שוין, איך וויס שוין פאַר וועמען די וועלט.

נאָר הינטער מיר עס רוימט ווער איין
אַ סוד אין אויער: הער און זע.
געשטאַנק פון מענטשן־פלייש איז ערד
און איבער דיר מען שאַרפט די שווערד.

פאַרנעם די רייד פון נביא דאָ.
עס שלאָגט באַלד אויס דיין לעצטע שעה.
דער זייל פון רויך די זון פאַרשטעלט.
איך פרעג: פאַר וועמען איז די וועלט?

.4

אַמאָל איז מענטש אַ מילב אין אויגן פון דער צייט,
אַמאָל איז ער דער ריז אַלמעכטיקער פון רוים.
אַמאָל דערשרעקט ער זיך אין גלי פון מאָרגן־רויט,
אַמאָל דערדריקט אַן עול, וואָס איז אים אָנפאַרטרויט.

און איבער אַלץ און איבעראַל גייט נאָך אַ פיינט,
וואָס שטייט צוקאָפּנס אים, וואָס שטייט ביים זייט.
דער פיינט, דער טויט, ער טוט מיט אונז וואָס אים געפעלט.
איך פרעג זיך נאָכאַמאָל: פאַר וועמען איז די וועלט?

דער טויט — איז ער דער הערשער איבער גאָר דער ערד,
וואָס גייט אַרום אויף פינגער־שפּיצן אומבאַוואוסט?
ער טראָגט אַ נאַרן־מיץ און האַלט זיך פאַר אַ לץ,
ער שפּילט זיך אויף אַ פלייט און גיט אין פויק אַ זעץ.

ער שטאַרט אַרויס מיט וואַנזין־בליק פון שענסטער פרוי.
פון צאָרנדיקן גיבור מאַכט ער נישטיק שטרוי.
און ווען דער עולם כליפּעט, לאַכט ער און ער קוועלט.
איך גיב אַ פרעג זיך דאַן: פאַר וועמען איז די וועלט?

.5

דאָס לעבן איז אַ יאָר,
אין זמנים איינגעטיילט.
געקומען איז אַ דור
און האָט זיך באַלד צעשיידט.

געלאָזט נאָך זיך אַ פרייד,
אַ סדר איינגעשטעלט.
דעם ענטפער אָנגעגרייט —
פאַר וועמען איז די וועלט?

איך בין דער מייסטער פון דער ערד,
איך טראָג איר שליסל־רינג.
ווען בייע טיר געעפנט ווערט,
דאַן יובל איך און זינג.

ווען מוח איבער כוח שטראַלט
און פאָן פון זיג ווערט אויפגעשטעלט,
און ס׳דאַנקט דער מענטש און כורעים פאַלט —
איך וויס: פאַר וועמען איז די וועלט.

.6

די קליינע אָרעמס מיינע שטרעקן זיך צום ריזן־רוים;
איך האַלז דעם העכסטן באַרג, ס׳איז אייגן מיר דער ווייטסטער בוים.
עס בייגט זיין קאָפּ דעם מעכטיקן פאַר מיר דער שטאָלצער לייב,
פאַרבאָרגעניש פון טיפסטן אָפּגרונט איך אַנטפּלעק, דערהייב.

איך בין דער שטרענגער פֿאָטער פֿון דעם הויזגעזינט אויף ערד,
איך בין די גוטע אַם, וואָס נײַ־געבאָרענע דערנערט.
איך קוק זיך אײַן אין דעם באַשאַף און ס׳אויג ווערט אָנגעקוועלט.
איצט ווייס איך שוין, איצט ווייס איך שוין פֿאַר וועמען איז די וועלט.

אַ מייסטער־באַלמעלאָכע האָט זי מיר געלאָזט.
באַדעקט איז זי געבליבן מיט אַ שימל ראָסט.
פֿאַרוואָקסן איז זי נאָך מיט שליימיק, מאָכיק גראָז.
עס וואַרט אויף איר אַצינד אַ גוטער באַלעבאָס.

און ווי איך ראָם מײַן אייגן הויז, מײַן קליינע שטוב,
אַזוי וועל איך פֿאַרשיטן פֿון דער ערד די גרוב;
אַזוי וועט ווערן פֿינצטערניש פֿון זון באַהעלט,
ווײַל ס׳וועט געהערן דאָך צו מיר די גאַנצע וועלט.

.7

דו זעסט דאָס עופּעלע וואָס נאָגט דאָס פֿינגערל?
דו זעסט דאָס קליינע ייִנגעלע, דאָס שפּרינגערל?
דו פֿרעגסט נאָך אַלץ — פֿאַר וועמען איז די וועלט?
געדענק: פֿאַר זיי די וועלט איז אײַנגעשטעלט.

באַטויבנדער געקנאַל פֿון וואַסערפֿאַל,
דער מוראדיקער דזשאָנגל שאַל,
דאָס לעבן האַרט —
דעם קינד ניט אַרט.

דער וואָיענדיקער ווינטער־ווינט —
פֿאַרגייט פֿון שמייכל פֿונעם קינד.
דער ווערטער־מבול פֿון פּראָפֿעט —
אַנטשוויגן ווערט פֿון קינדס אַ גלעט.

די גאַנצע לאַנגע שווערע מי
פון אַלע דורות ביז אַצינד,
איז אַלץ פאַר אונזער אינדערפרי,
איז אַלץ פאַר הילפלאָז קינד.

און וואו אַ קינד האָט זיך צעלאַכט,
האָט מענטשן־האַס זיך אָפּגעשטעלט.
דאָס קינד — דאָס איז די פעסטע מאַכט
וואָס ברענגט דעם שלום אויף דער וועלט.

# דאָס לעצטע וואָרט

די מאַמע קלאָגט ביינאַכט אויף איר געלעגער,
דער זון, ער טויכט אין לופט און היט די ערד.
די וועלט איז ווילדער וואַלד און מיר די יעגער.
עס ווערט אַנטשטומט דער צוויפלער און דער פרעגער,
ווען ס׳דראָט די שווערע האַק, ווען ס׳בלאַנקט די שווערד.

נאָר שמייכל פון אַ קינד איז אויך אַ פּאַנצער,
אַ וואָרעם וואָרט איז ווי אַ פרישער קוואַל.
ניט מיין, דער טויט ער לייזט אונז אויף אינגאַנצן;
אין לעבנס־שטורעם ווינטן־שדים טאַנצן,
פון רעגנבויגן זיינען מיר דער שטראַל.

דער מענטש ער וועט פאַרטיליקן די חיה,
פאַרברענען וועט ער וואָרצלדיקן סם,
און דורך פאַרטרערטע אויגן פון די טרייע
אַ העל טאָן וועט אַ בליק אַ זוניק פרייער,
אין האַרצן וועט זיך פיטערן די לאַם.

דאָס ייִנגל טרוימט אַצינד פון טימאָשענקאָן,
דער דיכטער זינגט דאָס ליד פון פאַראַשוט.
די טרערן וועלן יאָרצייטן פאַרשווענקען,
נאָר אייביק, אייביק וועלן מיר געדענקען,
דעם יאָט וואָס האָט געצאָלט מיט בלוט פאַר מוט.

ס'איז שווער דאָס האַרץ און ווי אַ טאַנק געלאָדן,
געדאַנקען שרעקן ווי אַ סובמאַרין.
ווער וועט צורעכט מאַכן דעם גרויסן שאָדן,
צום משפט ווער וועט ברענגען, ווער וועט לאָדן,
די קוילער פון די בליענדיקע זין?

און ווידער גרינען פריידיקע די פלוינען
און ס'זינגט אַ סערענאַדע פייגל־כאָר.
אין בלוטיקסטער פון אַלע ווילדע באַינעס,
איז לאָמיר איצט דעם ליבן פרילינג שוינען,
און ניט פאַרגעסן זאָל אים אונזער דור.

די קלוגע זון זי קוקט פאַרטראַכט אַרונטער,
דער הימל העכער איז פון עראָפּלאַן.
עס פלאַמען האָריזאָנטן ערגעץ צונטער,
נאָר זיי אַנטקעגן גייען טרופּן מונטער.
ס'איז גרייט פאַר שלאַכט אַצינדער יעדער מאַן.

עס בריט אין אונז דער אַנגעגליטער צאָרן,
עס בריט ווי הייסער בליי די שווערע טרער.
עס ווערט אין בלוט אַ נייע וועלט געבאָרן,
מיר זיינען אַלע דאָך די אַקושאָרן,
די חבלי לידה זיינען שטענדיק שווער.

אויגוסט, 1942.

# זיגער

די רעגנס רינען
מיט גאָלע טרערן.
די נעכט די שוואַרצע
פאַרשטעלן שטערן.

דאָס וואָכע אויג מיינס
ניט ווערט פאַרנעפּלט
פון פּולווער רויכן,
פון סמ׳ען שוועבל.

די ערד זי ציטערט
פון אוראַגאַנען.
די טויטן־ווינטן
צעכראַסטעט שפּאַנען.

איך בין דאָס בוימל,
וואָס וואַקסט אין שטורעם;
איך בין דאָס פלעמל
אויף העכסטן טורעם.

פאַראורטיילט האָט מיך
דער חלוש־ריכטער;
ס׳באַזינגט מיין אומקום
דער קראַנקער דיכטער.

אין שטייג פאַרריגלט
עס שפּאַנט דער טיגער.
איך טראָג דעם שליסל,
איך בין דער זיגער.

# די וועלט, די שפּייזערין

.1

די וועלט איז גרויס געגוג
און רחבותדיק און גוט
און האָט פאַר אירע געסט
געגרייט דעם טיש צו זאַט.

און ווער ס׳איז דאָ — זאָל זיין;
איז בוי פון ליים און שטרוי
אַ ווינקל און אַ נעסט
פאַר דיר און דורות לאַנג.

נאָר ווער ס׳איז דאָ — איז ווער
אַ מיטגליד פון דער וועלט,
אַ טייל פון הויזגעזינט,
פון לעבעדיקן מין.

און אַלץ וואָס לעבט דאָ גיט
און פרוכפּערט פאַרן כלל,
און שטרעקט די הענט צו זון,
וואָס גלעט און זאָגט: ס׳איז גוט.

און יעדער פיינט זיך אויס,
האָט ליב און ווערט געליבט,
וויל שטייגן צו דער זון
און טאַנצן אין איר ליכט.

ס'האָט אַלץ אַ חלק דאָ:
ס'שטעלט יעדער איין אין קאָן.
די פירמע טראָגט אַ שילד:
די שותפותדיקע וועלט.

אַ שותף איז די פליג,
אַ שותף איז דאָס גראָז.
דאָס זעמדל אויפֿן ברעג
איז אויך אַ באַלעבאָס.

אומזיסט זיך טורעמט באַרג,
און ס'קאָכט זיך, פּיניעט ים . . .
ס'וועט קומען זייער סוף —
בית־עולם הייסט די ערד.

דאָס ניצלעך זיין איז קרוין
פון אַלץ וואָס קומט אַהער.
איז אַרבעט, שאַף און ווייז,
אַז ביזט ניט דאָ אומזיסט.

דאָס גרעזל נידערט טיף,
נאָר הויבט זיך, גלייכט זיך אויס
און טראָגט זיין דאָ־זיין שטאָלץ
און ברענגט זיין חלק נוץ.

דאָס פייגעלע אין וואַלד
זינגט אויס זיין וויכטיקייט,
זיין פלי איז לופט־געשפּאַלט,
זיין נעסט איז טייל פון וועלט.

די מערעשקע זיך אײַלט,
די דיסציפּלין איז שטאַרק,
איר װעג איז אױסגעשפּרײט
מיט לױטער לאַסט און האַסט.

.2

אַ יום־טוב איז געבױרט,
אַ צירונג איז באַשאַף,
װײַל נוצן, נוצן, נוץ
איז פֿון דער װעלט די האַפּט.

און װאָס ס'איז טױט — איז אױס,
װאָס אױס — אַראָפּ פֿון מאַרק.
אײן פֿירמע איז באַנקראָט,
פֿאַרנעמט אַ נײַע ס'אָרט.

די װעלט איז גרױס און רײַך,
די שפּע — קום און שעפּ;
דערקריך צום שפּיץ פֿון באַרג,
דערטױך צום גרונט פֿון ים.

אַ שותּפֿותדיקע האַנט
שטרעקט אױס זיך אומעטום
און ס'מונטערט, װאַכט און גלעט
די זון, די זון, די זון.

דער רעגן־װאַסער־פֿאַל
פֿון בײטשן װינט געיאָגט —
פֿאַרשװינדט װי אױגנבליק,
פֿאַרזינקט אין שױס פֿון ערד.

דער בליץ, ווי שווערד אין קריג,
און דונער ווי קאַנאָן —
ווי פאַר געבול פון היינט
דערשרעקט פאַר זיי זיך וועלט.

ווען שיכור ווערט די ערד
און ברעכט איר הויז־געצייג —
פאַר שאָדן צאָלט די צייט,
די זון ווישט טרערן אויס.

אין חשבון פון דער וועלט —
איז טויט אַ גענעץ גרויס;
פאַרניכטונג און פאַרלענד —
פון שפּילגעצייג דער קראַך.

.3

די מכה פון באַשאַף,
דער שונא פונעם זיין,
און אומגליק פון דער צייט —
איז אומנוץ פּאַראַזיט.

דער מענטש, דער קרוין פון אַלץ,
צעפּרעסן ווערט פון ראַק,
דעם מענטשן־פּאַראַזיט,
די שאַנד פון שכל־שטאַם.

ווי ס'הויז ווערט אויסגעראַמט
פון וואַנץ און טאַראַקאַן,
אַזוי וועט ווערן פריי
די וועלט פון מענטשן־ראַק.

ער ברענגט אַריין געווין
און ביטערניש און פּין;
ער זויגט און זויגט און זויגט
די זאַפט פון יונגער פרוכט.

ער איז דער רויבער־פּראַנט
אין אַ צילינדער־הוט.
אַ נעסט ווערט אויסגעבריט
און ער באַהערשט זי גלייך.

ער פרעסט און זויפט אָן שיעור
און טרעט אויף פרישער בלום,
וואָס איז אַ ליב געשאַנק
פאַר אַלעמען צוגלייך.

וואו ס׳דאַרף אַ שותף זיין
דער לעבעדיקער מין,
איז ער זיך באַלעבאָס
פון קיינעם ניט באַשטימט.

ער גראָבט אין פונדאַמענט
פון וועלטישן געבוי:
האַרמאָניע איבער אַלץ
אין שותפותדיקער וועלט.

ניטאָ קיין בייטש אין רוים,
ניטאָ קיין באַלעבאָס
אויף יענעמס לייב און הויט,
אויף יענעמס האַרץ און האַנט.

נאָר ער, דער פּאַראַזיט,
שפּאַצירט זיך דאָ אַרום —
אַ חזיר אינעם סאָד,
אַ ווערעמל אין כריין.

4.

עס ווילט זיך ניט אַוועק,
פאַרלאָזן ס׳אַלטע הויז.
אַ לעבן לאַנג געשעפּט
פון זומער, זעט און זון.

ווען ס׳קלאַפּט דער טויט אין טיר,
ווען הערסט דעם סטוק, סטוק, סטוק,
ווען פינצטער ווערט אַרום —
ווערט ליב דאָס אַלטע הויז.

די וועלט מיט אירע גענג,
דער ווינט מיט זיין געוואַי,
דער דונער מיט זיין קנאַל,
דער פויגל מיט זיין טרעל.

דורך הויכע בערג אַ קוואַל
זיך וואַנדערט, נידערט שטיל.
אים אַרט ניט ריזן־פעלז,
ער גלעט דעם קיזל־שטיין.

עס שרעקט אים ניט די נאַכט,
ער ציטערט ניט פאַר וועלף.
ער ריזלט צו זיין ציל —
צו ווערן טייל פון ים.

אַזוי איז אויך דער מענטש,
דער קלענסטער צווישן אונז.
אַבי ער טראָגט דעם עול
פון פּראַצע פאַר זיין דור.

אַבי ער שטרעקט די הענט
צו ברענגען נוצן, גוץ;
צו בויען בריק נאָך בריק
איף טייכן פון דער צייט.

אַז זיין די וועלט זאָל גאַנץ,
דער טיש מיט פרוכט געגרייט;
ווי ס׳היט דער גערטנער אָפּ
אין גאָרטן יעדע בלום.

און ווען אַ מערדער קומט
און קוילעט מענטשן־קינד,
דאַן שעמט זיך שכל־שטאַם
און יאָגט נאָך קוילער זיך.

און ווען עס ווערט פאַרוויסט
דאָס בליענדיקע לאַנד,
ניטאָ פאַר מענטש קיין רו —
דער פיינט ווערט אויסגעראָט.

ווי ס׳זאָרגט זיך באַלעבאָס
פאַר אייגן האָב און גוטס,
אַזוי היט אָפּ דער מענטש
זיין שפייזערין, די וועלט.

ניט שפּראַך און הויט און היים
צעשיידט דעם מענטשן־שטאַם.
דאָסזעלבע האַרץ זיך פרייט,
דיזעלבע האַנט באַגריסט.

דער פיינט, דער פּאַראַזיט,
דער פיינט, דער טויט וואָס וויסט —
דערנענטערט אַלץ וואָס לעבט,
און מאַכט פון וועלט אַ שטוב.

פאַר שותף פון דער ערד
ניטאָ קיין קנאה־קריג,
ניטאָ קיין בייזער מין,
קיין פרעסן זיך אַליין.

פאַר קורצן לעבנסוועג
איז דאָ בלויז פרייד פון שאַף;
געאַרעמט גיין מיט זון,
זיך חברן מיט רוים.

ניט זיין קיין ווערעמל,
וואָס ווערט אַן קאַמף צעדריקט,
ניט זיין קיין שקלאַף צום מין,
וואָס ווערט פאַרצוקט פון ראַק.

דער שותף פון דער וועלט,
דער מענטש — ווי ווינט איז פריי;
ער בליט, אַ רויטע רויז
אין לעבן זומערדיק.

און ווען דער וואָרעם קריכט
נאָכהער אויף זיין געביין,
וועט איינגיין אים די רו,
דער גלעט פון געלן זאַמד.

ווייל בליען וועט זיין דור
און פלאַנצן פירות רייך
און שפרייטן זאָמען פרייד
אויף יעדן ווינקל ערד.

און ווער עס קומט אַהער
צוגאַסט אויף אונזער וועלט,
וועט זינגען דאָס געזאַנג
פון זומער, זעט און זון.

# דאָס פּנים פון דער ערד

פאַרגעלט פון ליים און ברודיק־גרוי און קוואַר;
פאַרטריקנט און פאַרקאַרבט און אויסגעצערט;
ווי קראַנקער, איינגעוואוינט מיט טויט־געפאַר —
געלעגן איז דאָס פּנים פון דער ערד.

געגישטערט האָב איך פליסיק און געפאַרשט,
ווי אָנגעוואָרן וואָס, פון גרויסן ווערט.
מיט אָפן מויל און לעפצן אויסגעדאַרשט
געלעגן איז דאָס פּנים פון דער ערד.

ווי ס'ליכטיקט תיכף ס'פּנים פון אַ קינד,
וואָס איז אַט־ערשט געווען באַטריבט, פאַרטרערט, —
אַזוי מיט שמייכלענדיקן בליק אַצינד
געלעגן איז דאָס פּנים פון דער ערד.

אַ גרעזל גרין אויף שלאַבערדיקן פעלד,
ווי אומגעריכטע פרייד אין צער באַשערט.
מיט פינטלדיקן חן באַצירט, באַהעלט,
געלעגן איז דאָס פּנים פון דער ערד.

אַ גרעזל גרין — אַן אָנזאָגער פון פרייד:
(אַ, טויטע לייב און זאַמד און מיסט — איר הערט?)
ווי ס'וואַרט אַ כלה אויף איר חופּה־קליד,
געלעגן איז דאָס פּנים פון דער ערד.

ס'איז קליין דאָס גרעזל גרין, נאָר פעסט זיין האַפט.
גאַר לאַנג אויף אים געוואַרט, גאַר שטאַרק באַגערט.
מיט דרייסטן שטאָלץ פון מאַמעשן באַשאַף
געלעגן איז דאָס פּנים פון דער ערד.

# אַפּריל־רעגן

עס טרערט מיין שויב,
נאָר ניט די ערד.
אויף שוואַרצן קאָפּ
פון באַרג און פלויץ,
די גרינע הויב
אַלץ גרינער ווערט.

אויף ביימער־קרוין
איז רעגן־טרער —
אַ פּערל־ציר.
ניט הערשן מער
וועט ווינטער־פריר,
מיט זיינע געסט —
די אכזר־פרעסט.

דער רעגן גלעט
די סאַמעט־קעפּ
פון יעדן צווייט,
וואָס עפנט מויל
מיט ליפּן רויז
און פילט ס׳איז וואויל
דער טראָפּן זיס,
און שטעקט אַרויס
נאָך מער די צונג.

און רעגן יונג
איז גוט און פיין
און קאַרגט אים ניט,
און זויפט אָן צוויט
מיט ווייסן ויין.

און כאָטש עס טרערט
מיין בלייכע שויב,
דאָך שיינט די ערד
אין גרינער הויב.

# ווינטער־בערג

אַ גאַנצן טאָג
האָט זון געשפּילט זיך
אויף די ראַנדן פון די בערג
און אָנגעצונדן ווייסן שניי
מיט פיאָלעטער ליכט.

אַז ס׳האָט זיך אָנגעבלאָזן
שאָטנדיקער באַרג
מיט שוואַרצער קנאה
קעגן זיין באַהעלטן שכן, —
איז צוגעקומען זון
און ווי אַ מאַמע אים געגלעט.

און מיר אין טאָל האָבן
אויף דער גוטער זון געוואַרט
און די קעפּ געשטרעקט
צום העכסטן באַרג.

אין סודותדיקן אָוונט
זיינען נאָענטע בערג
געוואָרן ווייט און פרעמד,
און פּחד האָט געאָטעמט
פון זייער שוואַרצער גרויס.

נאָר עס האָבן אונז געטרייסט
די קליינע, ווייטע, העלע שטערן,
ווי נאָענטע פריינט
אין צייט פון נויט.

# פעלדגאָרטן אין בראָנקס פּאַרק

אַ קליינער שטח ערד, אַרומגעצאַמט מיט דראָטן־נעצן,
פאַר יעדן איינעם פריי, אַ חוץ פאַר וועגעלעך און הינט.
דאָ בוקט זיך קיינער ניט פאַר מענטשן — הערשער, טראַנען, געצן,
דאָ ווערט צו האַר דערהויבן מענטש, דאָ זינגט אין אים דאָס קינד.

אַן אַלטער דעמב מיט אָרעמס אויסגעשפּרייטע ווי צום בעטן,
אַ טוליפּ־בוים מיט צווייגן גראַציעז ווי אַ בוקעט,
און דאָ און דאָרט די יונגע קוסטעס האַלזן זיך און גלעטן
און גרינס מיט גרינס באַהעפט און ס'קוועלט די ערד מיט פרייד און זעט.

עס גרויסן זיך געטעסעטע די פעלזן אין געשטאָפּל,
און שעמעוודיקע וואַסערפאַלן ריזלען צווישן גראָז;
און ענטעלעך אַ פּאָר פאַרטיפט זיך האָט אין פּייגל־פּלאָפּל
און פון אַ גרינעם לאַבירינט עס שפּרינגט אַרויס אַ האָז.

עס פּרילינגט איצט און מענטש האַלט אָטעם איין פון גרויסן וואונדער,
וואָס האָט אַנטפּלעקט זיך דאָ אויף פּיצלדיקער שטילער ערד.
עס האָט די זון שוין אויפגעפּראַלט, צוזאַמען און באַזונדער,
די חנ'ען פון דער גאָרער ערד — פאַר יעדערנס באַגער.

אַ האַנט אַ מענטשלעכע פאַרזעצט האָט קרייטעכער און פלאַנצן
פון יעדן קיילעך ערד, פון ברייטן פלאַך, פון שפּאַלט אין באַרג.
וואָס מענטש האָט ניט געקאָנט, האָט זון געטאָן דערגאַנצן,
נאַטור האָט אָנגעשאָטן פון איר פּראַכט — און ניט געקאַרגט.

עס גריסט דיך קוויטעלע פון דרום־אַפריקע אין ווייסן;
עס שמייכלט ראָזעווע און העל אַ בלימל פון קאַווקאַז.
עס רויטלט זיך אַ מאָן־קעפּל פון ענגלאַנד און פון פרייסן —
און גלייך פאַרטראָטן זיינען ביידע לענדער דאָ אָן האַס.

אַ יום־טוב בייט פון שעמעוודיקע פּרימרויזן אין בינטלעך
און פּענזיס סאַמעטענע, פּאַרליבט אין אייגענעם קאָליר,
מיט אייגעלעך וואָס שטיפן קוים, ווי אַנגעהויכטע ווינטלעך
און בלויע שניי־בלימעלעך פון וויסטע טונדרעס אין סיביר.

נאַרציסן ווייס און שטאָלץ און געלע שוועסטער דאַפּאָדילן;
אַזאַליעס בלענדן, מיניען זיך אין פּורפּור־ווי־אָלעט.
טולפּאַנען־בעכערלעך געגרייט פאַר נעקטאַר אַנצופילן,
פון יעדן ווינקל שעמערירט מיט שפע און מיט זעט.

באַדעקט איז יאַפּאַנעזיש קאַרשן־ביימל ווי אַ כלה,
אין ווייס און רויט, און שמעקט מיט האָניק־ריח פריש און זיס.
עס רייבן אויס די אייגעלעך און כאַפּן אויף זיך אַלע
אויף בוים און קוסט, מיט קנאָספּ און צווייט באַפּוצט פון קאָפּ ביז פיס.

מיט אוירינגלעך און פּאַטשערקעס און קרוזשעוועס און שפּיצן,
מיט חנעוודיקע קנעפּעלעך און לעקעלעך פאַרשייט,
ווי קינדער אויף געבורטסטאָג־יום־טוב אויסגעצירט אין מיצן,
מיט קליידעלעך קאָלירנדע פון סאַמעט און פון זייד.

פון פעלזן־שפּאַלטן שפּאַרן זיך די גרעזעלעך און מאַכן —
אַ גרוס פון הימאַלאַיער בערג און אַפריקאַנער סטעפּ.
אינטים איז וועלט אין גאָרטן דאָ, באַפרייט פון אַלע יאָכן,
נאַטור זיך האָט געפּוצט פאַר דיר — איז קום, געניס און שעפּ.

אַ פֿויגל רופֿט, עס ענטפֿערט אים אַ צווייטער זאַרגלאַז, מונטער,
די בלומען, ווי די קינדער, האָרן אויף אַ בליק און גלעט.
און דו — דו זעסט די גאַנצע וועלט, פֿון אויבן ביז אַרונטער,
די שפּע ליגט דיר צו די פֿיס, עס וואַרט אויף דיר די זעט.

די זרע פֿון דער גאַנצער גרויסער ערד — אין קליינעם גאָרטן,
דער מענטש אַליין איז שיין און גלוסטיק, ווי אַ פֿרילינג־בלום.
איז שיק איך דורכן בלימל דיר אַ גרוס פֿון דאָ און דאָרטן,
כ'האָב ווי די צווייגן אויסגעשטרעקט די אָרעמס מיינע — קום!

# דאָס לעצטע ליד

(צום ערשטן יאָרצייט פון יעקב שיפּער)

אין טעג אַזעלכע זשוואַווע פון אָקטאָבער,
ווען לופט איז דורכזיכטיק און קיל,
דאַן העלפט דיר ניט קיין „אפשר" און קיין „אָבער",
דאַן ווינקט דער פּאַרק גאָר שעלמיש שטיל
און מאַניעט דיך אַרויס פון נעץ דער גראָבער.

אין יול, ווען גרין איז אין דער לעצטער מאָדע,
ווען פּאַרק איז שפּעדיק און זאַט,
דאַן זינגען דיכטער־פייגל גרינע אָדעס,
און גדלותדיק איז בוים און בלאַט,
און נישטיק גראָז שטאָלצירט מיט „בלויען אָדער" . . .

אָ, אַנדערשדיק ווערט פּאַרק, ווען ס'רוקט די עלטער
זיך אָן אויף אים גאָר אומגעריכט.
פאַרשייטער גרין ווערט פרימער און געשטעלטער,
דער ווינט, דער ממזר, פליקט, פאַרניכט,
דעם פּאַרק אַליין דערפון ווערט סומנער, קעלטער.

נאָר ווי די רייצנדיקע, רייפע דאַמע,
וואָס, ווען שאָקירט פון ווייסע האָר,
נעמט פּוצן זיך אין העלסטע קליידער סאַמע, —
אַזוי אַנטפּלעקט זיך פּלוצלונג גאָר
אין האַרבסט דער פּאַרק אין רייכסטער פּאַנאָראַמע.

עס צירט זיך אויס אַיעדער בוים באַזונדער
און רויטלט זיך אין נייעם חן,
און פאַר דיין אויג איז וואונדער איבער וואונדער,
און זוכסט דעם זין און פרעגסט דעם מיין
פון פאַרבן־קרייז, וואָס ווערט אַלץ רייכער, רונדער.

אַ בידריק בוימל איז ביים וועג געשטאַנען
ווי אַלע איבעריקע אין גרין,
האָט איצט דאָס בוימל אָפּגעשטעלט דיין שפּאַנען,
די בלעטער —— לויכטנדער בורשטין,
פון וויטן האָבן זיי באַהעלט די לאַנען.

אָ, בלעטער רויטלעך־געל און ווייַן־קאָלירן
און צימרינג־צווייט און בוריק־ברוין!
ס׳טוט זייער רייץ אין טיפן פּאַרק פאַרפירן,
וואו יעדער בוים פאַרמאָגט אַ קרוין,
וואָס וועט אויף זון גאָר גאָלדיק שעמערירן.

אָ, גרינער זוים אויף שאַרלעך־רויטע בלעטער!
און פורפור־בלאָט און בלאָט פון רויז,
און וועווריקל וואָס ווערט פון האַרבסט אַלץ פעטער,
און ברוינער טעפּיך אויפן שויס
פון ערד, און ווינט וואָס שמייסט און אָט־אָ גלעט ער.

אַרום עס אָטעמט פּרעפּל און געציטער,
אין לופט דער רוף פון ווילדע גענז.
און אויף אַ סאָסנע־שפּיץ אַ פויגל וויטעט
דעם אָפּשייד פון די בלעטער־טענץ,
און הויכע ביימער זיינען ערן־היטער.

און דו אַליין — באַרוישט פון אַלע פאַרבן,
דו שפּאַנסט און שפּאַנסט און ווערסט ניט מיד,
און פילסט, ס'איז שיין ביז־גאָר אַזוי צו שטאַרבן,
מיט יום־טוב פּאָמפּ, מיט זיגער־ליד,
מיט שייערן פון זעט און פולע גאַרבן.

דעצעמבער, 1937.

# צו אַ בוים

אפשר וועט דער שווייגנדיקער, גוטער בוים
מיר פאַרענטפערן די האַרבע פראַגע.
זיינע וואָרצלען זיינען שותפים צו דער ערד,
זיינע צווייגן — היימיש מיט די הימלען.

פלאַנץ דו שיינער, אַלטער שכן מיינער, דו —
זאָג, פאַרוואָס איז ליבער מענטש צעבלוטיקט?
זאָג, פאַרוואָס איז אונטער אים די ערד צעדרויבט
און עס פוילן זיינע פעסטע שטאַמען?

כ'בין מקנא פויגל־נעסט אויף גרינעם צווייג,
כ'גלויב אין ליד פון זיינע וועקער־זינגער.
מיין פרימאָרגן אָנגעלאָדן איז מיט לאַסט
און די לופט איז אָנגעזאַפּט מיט פּחד.

פשוט איז דאָך ס'לעבן, ווי דאָס גראָז אין פעלד.
אייניק ווערן דורות ווי די קערנער.
אָרעמס שליסן זיך אין טרויער ווי אין פרייד,
גופים טוליען זיך אין שרעק און ליבע.

וואָס־זשע טויג דאָס רימען און דאָס גרויסן זיך מיט מאַכט,
אַז עס זינגט זיך ניט פון פולן האַרצן?
וואו איז דען אַהינגעקומען שפּרודל־פרייד
פון די שפּייכלערס אָנגעפּאַקט מיט שפע?

אין די קאַרצערס ליגט דער אמת נאָן פאַרשפאַרט
און פאַרשטיקט אין קעל איז ליד דאָס פרייע.
כ׳בין דערפאַר מקנא אים, מיין שכן בוים,
און דערפריי זיך מיט די פייגל־זינגער.

גלויבן וועל איך דאַן נאָר אין די גוטע רייד,
ווען כ׳וועל זען אויף מענטש אַ ליכטיק פנים,
ווען ס׳וועט אונטער אים צעבליען זיך די ערד
און מיט שלום וועט זיך קוויקן שכן.

# ל י ד

די טרייע הענט זיי ליגן אויף די קני,
ווי קליינע שלעפערדיקע קינדער.
דו פילסט אַ דאַנקבאַרקייט צום שטול וואָס לאָזט דיך רוען,
ווי אַ וואַנדערער וואָס האָט אַ גלאַטן שטיין געפונען.
עס פאַלט דער אָוונט צו, ווי אַ פאָרהאַנג איבער פענצטער.

נאָר בלויז דער קאָפּ, דער זאָרגער, האָט ניט קיין מנוחה.
עס רופן אים געדאַנקען, ווי עס קלינגט דער טעלעפאָן.
פון נאָענט און פון ווייט, פון צייטן לאַנג פאַרגאַנגען;
ווי אַ חוב מען מאָנט, ווי בעטלער מען בעט,
און דער קאָפּ איז אויסגעלעכצט נאָך רו.

אַ ווייסער וואָלקן ווינקט, זאָגט־צו דערלייזונג;
די פרוי פון הויז זי טראָגט אַנטקעגן גוטסקייט,
נאָר בלויז דער קאָפּ, דער לאַסט פון דורות,
אים דראָט געפאַר פון וועלט־צעשפּאַלט;
ער בעט ביי הענט זיך: „העלפט אַ חבר און אַ שכן."

# אוצרות

וואָס וועסטו מיטנעמען אין די לאַבירינטן פון טויט?
ווי אַ דיכטער קאָן זיך מיט זיינע לידער ניט טיילן,
ווי אַ מוטער קאָן זיך מיט אירע קינדער ניט שיידן,
אַזוי וועט דיר שווער זיין איבערצוקלייבן
די ווערטן פון לעבן, די אוצרות פון האַרצן.

ווען בעטהאָווען האָט געמורמלט אין שעה׳ן פון עלנט,
ווער ס׳איז פון שלום־עליכמען געגנעזן געוואָרן,
און ווער עס קאָן אין היימישן סאָסנע־וואַלד ניט פאַרגעסן,
ווי עס גייען געאָרעמט אַ זון מיט אַ רעגן,
אַזוי ווערט נאָך טרויער אַ טרייסט אויפגעגאַנגען.
און ווער ס׳איז ניט דערגאַנגען צו לענינס קלאָרן וועג
און צוליבן געפּל דעם בלויען האָריזאָנט ניט דערקאָנט, —
האָט אין באַריר פון זיין קינדס הענטל,
האָט אין זיין שטילער פרויס געטרייען בליק
דעם אוצר פון דער וועלט געפונען.

וואָס וועסטו מיטנעמען אין די לאַבירינטן פון טויט?
ווער האָט געמאַכט אַן אינווענטאַר פון דיין פאַרמעג?
דאָס גרין פון גרעזל, דער וואונק פון שטערנדל
און די וואַרעמקייט פון דיין אייגן לייב,
וועלן דיינע אומשיידבאַרע אוצרות זיין.

# באַלאַדע פון דער נאַכט

אַ קינד האָט געוויינט אין דער פינצטער אַריין,
געכליפּעט אָן סיבה, אָן ציל.
די גאַס האָט געהערט און אַ קאַץ האָט געהאָרכט,
די נאַכט האָט געשושקעט זיך שטיל.

אַ מאַן האָט גע׳גוסס׳ט, די נאַכט האָט געזען,
געציטערט די וועלט האָט ביים בעט.
געבעטן האָט ווייב זיך און קינדער: פאַרבלייב.
די נאַכט מיטן טויט האָט גערעדט.

אַ בחור געהאַלזט האָט זיין מיידל אין פּאַרק,
געבריט האָבן אויגן די נאַכט.
די ערד האָט געקילט און דאָס גראָז האָט געהיט,
די נאַכט האָט געקוקט און געלאַכט.

גע׳יום־טוב׳ט האָט נאַכט־קלוב מיט סווינג און מיט זויף,
מיט מיידעלעך נאַקעט — אַ פּראַכט.
לאַקייען, סאַרווירער, שאָפערן צום דינסט,
געחברט מיט זיי האָט זיך נאַכט.

אַ פרוי האָט געשייערט אַ שטיינערנעם דיל,
אין טורעם, אויף צוואַנציקסטן שטאָק.
די גאַס האָט געזען און די נאַכט האָט געוואַכט,
די שטילקייט צעשטערט האָט אַ גלאָק.

דערמאָנונג פון גלאָק און אַ פייף פון אַ שיף
און פאַרהאַנגען שוואַרצע פאַרשאַרצט.
אַ רייטער־בריגאַדע אַנטקעגן דער נאַכט
מיט שפּיזן מיט ווייסע דורך האַרץ.

געוויין פון אַ קינד, פון אַ קוימען דער רויך,
און סודותדיק שוויגן פון נאַכט,
וואָס שלייכט פון געפּאַר ווי אַ קאַץ זיך אַרויס,
אַנטקעגן דעם רייטער, וואָס לאַכט.

# דער שונא

מיין שטוב איז — פעסטונג קעגן ווי און טרויער,
ס'איז וואַרעם, שטיל און ליכטיק אומעטום;
נאָר ביי דער שוועל אַ פרעמדער שונא לויערט;
ער צילט זיין פייל, עס דראָט זיין לייבן־ברום
און דרינגט אַריין צו מיר דורך דיקער מויער.

די ראַדיאָ כישופט אויסעט גלויבנס־טענער,
עס בעט פאַר מיר יאָהאַן סעבאַסטיאַן באַך;
אין האַרצן ווערט די וועלט אַ ווײַלע שענער;
נאָר ביי דער שוועל עס הערט זיך קראַך נאָך קראַך;
פון פאַלנדיקע ביימער פליען שפענער.

אַ פעסטונג איז מיין שטוב. אַ שוץ — די שויבן,
אויף ווענט — די העלע טרוימען פון וואַן־גאָג.
רעיונות מיינע — וואָרקענדיקע טויבן,
וואָס פרייען זיך מיט יעדן נייעם טאָג
און טוקן זיך אין וואַסערן פון גלויבן.

אין דרויסן, אויף דער שוועל, ביים קאַלטן טויער,
גייט אויף־און־אָפּ אַ שטורעמדיקער פיינט.
זיין דראָענדיקער וואָי דערגרייכט מיין אויער,
זיין פייער־בליק גיט ווי אַ בליץ אַ שיין
אַריין אין מיין געדאַנק, דורך דיקסטער מויער.

און ס'האַלט מיך שטילע פעסטונג־שטוב געפאַנגען;
דער פיינט די פיילן זיינע גאָרניט קאַרגט.
דורך שויבן זע איך הויכע קאַרצער־שטאַנגען;
געהיימע האַנט פון פיינט מיך וואַרגט און וואַרגט
פאַר זינד, וואָס איך בין קיינמאָל ניט באַגאַנגען.

# ערשטער מאַי

איך שטיי ביי דיין שוועל און איך בעט זיך:
אַ, לאָז מיך אַריין אין דיין שטוב.
די הענט מיינע גרייטע צום דינען,
אויף אָקסל — אַ זעקל מתנות,
דאָס ערלעכע האַרץ מיינס אַ פּאָן איז.

דיין שטוב — פון פּאָגראָמען אַ חורבה;
דאָס מעבל — אָן אָפענע וואונד;
די לעכער אין וואַנט — ווי די לעכער
פון אויגן אין וויסטן סקעלעט;
אַ פעלד נאָכן אַקער — דיין בעט.

אָט וועל איך די אַרבל פאַרשאַרצן
און אָנטאָן די קליידער פון אַרבעט,
אַ שפּיי טאָן אין וואַרעמע דלאָניעס,
אַ נעם טאָן דעם בעזעם און האַמער:
די שטוב וועט דערפילן דעם קלאַמער
פון מוסקול דעם האַרטן, געניטן.
דער אָטעם פון בויער וועט בלאָזן,
דאָס קול פון דער פּראַצע וועט הילכן,
ס׳וועט וואונדער באַוויזן מיין האַנט,
אַ לעב טאָן וועט פינצטערע וואַנט.

צונויפנעמען וועל איך די קינדער,
פון רינשטאָק, פון קעלער און קויט,
כ׳וועל זיין צו זיי מאַמע און ווירטין,
די ריינקייט וועט רוען און פינקלען,
ס׳וועט העלן די פרייד פון די ווינקלען.

ביט זיך־זשע און קלאָג אויף דיין חורבן,
ווען כ׳שטיי אַ צעפלאָמטער און וואַרט.
לאָז בעסער אַריין מיך געשווינד,
ווייל גיך, ווי אַ הירש, וועל איך שפּרינגען,
און דאָן וועסטו הערן, ווי ס׳זינגען
די הענט מיינע אָדעס צום ראַמען.
טאָ לאָמיר אַריינגיין צוזאַמען.

1938.

# געלעכטער

1.

ער איז געלעגן אויסגעצויגן, שטום,
ווי אָפּגעשיידט פון אונדז מיט וועלטן.
מיט אים איז פול געווען דער אָרום,
נאָר ס׳פּנים זיינס — פון אַ פאַרשטעלטן.

ער איז געווען טויט, דער גוטער פריינט.
ס׳האָט יעדנס בליק געטרערט מיט טרויער.
פון אַלע ווינקלען האָט אויף אונדז דער פיינט
מיט אָטעם גיריקן געלויערט.

אַריינגעשאַרט אין וואָגן אים, ווי ברויט
אין קאַלטן אויוון פונעם בעקער.
די קאַר האָט זיך אַוועקגעלאָזט מיט טויט,
און לעבן האָט אַ קלונג געטאָן מיט גלעקער.

2.

די גאַס איז פול געווען מיט ליכט און זון,
געוואונקען האָט דער הימל בלויער.
און לייכטער איז געוואָרן אונדז דערפון,
און ניט־געוואָרן איז דער טרויער.

און ביי אַ טיש אין רעסטאָראַן,
געפאַנגען האָט אונדז אַ געלעכטער.
ס׳איז פרייד ביי מענטשן אומעטום פאַראַן,
וואָס שטעקט דיך אָן מיט לעבן עכטן.

עס האָט געלאַכט אַ יונגע, שיינע פרוי.
צו איר געווענדט זיך אַלע בליקן.
(די קאַר זי איילט מיט טויטן פריינט אַזוי.)
מיר קאָנען ניט דעם לאַך דערשטיקן.

איר הילכיק קול איז פריש און רייצט און רופט.
(פאַרטיליקט ווערט דער טויט, דער שעכטער.)
ס'איז אָנגעזאַפּט מיט לעבנס־חן די לופט,
עס לאַקט צו זיך איר הייס געלעכטער.

.3

עס זיפצט ווער אָפּ. ניטאָ מער אונדזער פריינט.
באַשערט אַ סוף אַ ניט־גערעכטער.
דאָס פּנים פון דער יונגער מיידל שיינט,
עס גליט אין אונדז איר זיס געלעכטער.

פאַרלאָזן האָבן מיר דעם רעסטאָראַן.
אין גאַס געשוויבלט האָט מיט טעכטער.
ניטאָ, ניטאָ קיין טויט, ווען ס'איז פאַראַן
אַזויפיל פרויאישער געלעכטער.

# צו אַן אַלטן באַקענטן

אָ, לאָז מיך צורו!
קלאַפּ ניט אָן אין דער טיר פון מיין האַרצן,
שטעק ניט אַריין דיין פלינקן פוס
אין זיין שפּאַלט,
אַטאַקיר ניט דעם לויזן פלאַנק
פון דיין אַלטן שונא — לעבן;
זיי אַ דזשענטלמאַן, טויט.

טראָג זיך אָפּ פון מיר!
פאַרפיר ניט דעם גראָדן שכל,
פאַרשיכור ניט מיין טרייען פריינט, דעם מח,
פאַרלאָקער ניט מיט נירוואַנאַ־אומזין מיין זין.

איך הער די טריט דיינע
אין דער שטילקייט פון דער נאַכט,
ווי דאָס פּויקן פונעם רעגן
אויף אַ לייוונט בידל.
איך הער דיין וואָיען אין מיין לאַכן,
ווי דאָס וואָיען פון וועלף
אויף נאַקעטע פּלוינען.

קומסט אָן פּלוצלונג,
ווי אַ שוואַרץ געוויטער,
אין מיין בלוי־הימלשן געמיט.
רודערסט אויף, ווי אַ וויכער־ווינט,
מיין אינגעווייד,
אַלץ אין מיר פלאַטערט אויף,
ווי אַ האַרבסטיקע בלעטער־כאַפּטע
אויף אַן אַלטן שטאָלצן דעמב.

ביין און ביין!
וועסט ניט כאַפּן מיך אַן אומגעריכטן.
וואַך בין איך, וואַך.
אין מיין שוואַכקייט, וואַך.

ליגסט און לויערסט,
ווי אַ סאַפּנדיקער הונט,
ביי מיין שוועל.
האַלטסט דעם חשבון גרייט,
ווי אַ געניטער בוכהאַלטער.
נאָר ווי אַ זיכערער באַלעבאָס,
ענטפער איך מיט דער האַנט:
„ניט היינט, ניט היינט.“

מיין האָב און גוטס איז צעזייט־צעשפּרייט,
מיין וועג איז נאָך אַ לאַנגער און אַ פרייער.
הער אויף קלאַפּן אין מיינע שויבן,
הער אויף געבאַרן מיך מיט געגאַרטער רו.
כ׳קאָן מיט דרויב זיך ניט פאַרנעמען, טויט.
כ׳וועל ניט קומען צו דיר,
זאָג איך דיר,
כ׳וועל ניט קומען.

# געסט

ס׳האָט אָנגעקלאַפּט אַ גאַסט ביי מיר,
גאָר אומגעריכט, אין פריען יאָר.
אין ברוינעם קאָפּ — אַ ווייסער פריר,
אין טרוימען־פּאַטל — הארטע וואָר.
אַ ווייסע האָר, אַ ווייסע האָר.

איך האָב געשפּאַסט און אָפּגעשפּעט
פון פרעמדן אומגעגאַרטן גאַסט.
אין קרייז פון פריינט פון אַלץ גערעדט,
נאָר כ׳האָב געפילט די שטומע לאַסט
פון ווייסן הויערדיקן גאַסט.

געפּרואווט אַ טענה טאָן מיט אים:
„געקומען ביסטו העט צו־פרי,
ס׳איז פלינק מיין טראָט, ס׳איז יונג מיין שטים,
מיין אויג איז פלאַם, מיין בליק איז ברי,
אומזיסט, מיין גאַסט, דיין מי, דיין מי.“

ביז איינמאָל האָב געזאָגט איך: „אויס!
דו פאַלשע פּערל אין מיין קרוין,
זיי מוחל, קלייב זיך גלייך אַרויס.“
אַ צי געטאָן, אַ שטאָך און — שוין.
מיין קאָפּ איז ווידער שטאָלץ און ברוין.

און ווער איז שולדיק אין פאַרראַט,
אויב ניט מיין פריינט פון אַלע יאָר?
זי האָט אַ שפּיל געטאָן זיך גלאַט
מיט הייסן קאָפּ, מיט קרייזל־האָר
און גאָר אַנטפּלעקט — —די פראָסט, די וואָר.

אויף לינקער שליף — צוויי ווייסע האָר,
און ווייסע פּרעג־צייכנס — אין מיט,
און ווייס — צו אַלדי שוואַרצע יאָר —
געוואָרן איז דער קאַרק־געשניט.
דער שונא שפּרייזט מיט ריזן־טריט.

ס'איז שיין דער שניי אויף באַרג — פון ווייט,
נאָר ליב איז מיר זיין גרינער קאַרק —
דער קוטשעראַווער וואַלד ביים זייט,
וואו פעלז איז מאָך און בוים איז שטאַרק
און גרינער קאָפּ באַקרוינט דעם באַרג.

דער ווייסער שונא אויף מיין קאָפּ
מלחמה פירט מיט ברוינעם פריינט.
איך הער פון רייטער דעם גאַלאָפּ,
זיין שווערד איז בלאַנק, דער פאַנצער שיינט,
ער וועט באַזיגן מיך נאָך היינט.

געטרייסט מיך האָבן יונג און אַלט,
פון ווייסן קאָפּ געשפּאָט, געשפּאָסט
און ס'האָט מיין אויג מיט לוסט געשטראַלט,
נאָר כ'האָב דערפילט די ווייסע לאַסט,
וואָס האָט באַשווערט מיך מיט איר האַסט.

ביז ס'האָט דעם סוד באַשיידט פאַר מיר
אין האַרבסט דער איינזאַם־שטילער פּאַרק.
דער בלאַט אויף בוים אין רויט זיך צירט,
ער פּוצט אויף מאַסקאַראַד זיך שטאַרק.
נאָר בלאַט אויף ערד — ווערט טויטער באַרג...

# אייב לינקאָלן אין ווייסן הויז

(פראַגמענט פון אַ פּאָעמע)

ער שפּאַנט אַרום אַ טיף־פאַרטראַכטער, ווי אין אַ תהום פון צער,
איבער די שווייגנדיקע זאַלן פונעם ווייסן הויז.
ס׳איז שוואַרצע נאַכט, ס׳איז טיפע נאַכט.

די לאַנגע ביינערדיקע הענט געווענדט
צום געטיסבורגער שלאַכטפעלד,
צו זעלנער־זין פון אַלע שטאַטן.

עס שלאָפט אַצינד דאָס לאַנד. דער בירגער רוט,
און וואַשינגטאָן, די הויפּט־שטאָט, שווייגט.
נאָר ס׳וואַכט דער פּרעזידענט פון לאַנד,
דער פאָטער אייב, דער גרויסער עניו.

ער זעט: ס׳מאַרשירן יונגע, שטאַרקע מענער
אַוועק אין רויך, צו פּיין, צום טויט.
ער הערט: די פויקן זעצן, טרומייטן שאַלן,
עס זעגענען זיך די פערד מיט שטיין פון שטאָט.

ס׳איז שטיל אין ווייסן הויז אַצינד,
אין שפּעטער נאַכט, אין טיפער, שוואַרצער נאַכט.
נאָר אומרואיק איז אומעטיקער הויכער פּרעזידענט.
ער זעט: עס ציען ענדלאָז זיך די אַמבולאַנסן,
ווי קאַראַוואַנען דורכן מדבר, אָנגעפילט מיט קראַנקע.
ס׳איז פול די שטאָט מיט זיי,
די ווייען זייערע פאַרטויבן לופט.

אייב לינקאָלן פאַרשטעלט דאָס פּנים זיך,
איינגעקאָרטשעט פון פּיין און ווייטיק
און שרייט און וויינט אין זיך;
„איך קאָן דאָס מער ניט איבערטראָגן!“

ער קוקט אַרויס פון פענצטער אינעם ווייסן הויז,
אייב לינקאָלן, דער פּרעזידענט אין בירגער־קריג;
ס׳איז נאַכט, ס׳איז שוואַרץ, ס׳איז גרויל.
ער הערט זיך איין, ער הערט אַ רוף,
עס רופט דאָס לאַנד, עס רופט די וועלט,
עס רופן דורות לאַנג־פאַרגאַנגענע:
„באַפריי דאָס לאַנד פון שאַנד,
באַפריי די זעל פון שמאַך!“

עס רופט דאָס לאַנד דיך, אייב לינקאָלן;
עס שטרעקט צו דיר די הענט דער שוואַרצער שקלאַף,
עס רופן צו דיר נביאים פון אַלע צייטן.

דאָס בלוט פון בירגער־קריג וועט אָפּגעווישט ווערן,
ווי די ליכטיקע זון וועט דער אמת שיינען,
פאַראייניקט ווערן וועט צוריק דאָס פאָלק
און שטאַרקער ווי דער קריג איז — פרידן.
אין פייער און אין בלוט געבאָרן ווערט די פרייהייט
און מענטש מוז לייטערן זיך אין פּיין פון שלאַכט
צו ווערן פריי.

עס שלאָפט די שטאָט, עס שלאָפט דאָס לאַנד,
נאָר אינעם ווייסן הויז שפּאַנט אַרום אַליין
אַ טיף־פאַרטראַכטער,
אייב לינקאָלן, דער פּרעזידענט.

# צו מיין ליד

(פּאָעמע)

.1

דו ביסט געטריי מיר, ליד, ווי אַ פּאַרוויינטע מאַמע
און פֿאָלגסט מיר שטענדיק נאָך מיט שווייגן פֿון אַ שטומען.
דרינגסט אומעטום אַריין און ווייסט ניט פֿון קיין צאַמען;
אַ ניט־געבעטענע ביסטו אַליין געקומען
און ווי מיין שאָטן גייען מיר אויף טראַקט צוזאַמען.

וואָס האָסטו אָנגעזעצט זיך אויף די יונגע יאָרן,
זיי אָפּגעשטעמפּלט מיט דיין וואָרט, ווי קינ׳ס צייכן?
איך בין שוין אַלע לענדער באַלד דאָך אויסגעפאָרן,
געמיינט איך וועל אַוועק און דו וועסט מיך ניט גרייכן,
נאָר אומעטום און ניט־געריכט ביסטו — געוואָרן.

דער מענטש — ער טראַכט פון פרישער חלה און פון ברויטן,
נאָר ניט פון פעלד, וואו ס׳וויגן זיך די קאָרן־זאַנגען.
דער מענטש — ער ווייסט, עס לויערן כסדר טויטן,
ס׳באַדראָען אים אויף לעבנס־וועגן קאַרצער־שטאַנגען.
די יונגע קעפּ פאַרנעמען ס׳פעלד פון הייפּטלעך קרויטן.

ווער דאַרף דיך, ליד, צעבליטע רויז פון אונזער גאָרטן,
דער ריינסטער קוואַל, וואָס ריזלט פון נשמה־טיפן?
דער מענטש — ער וויל דיך ניט, ער מאַכט אויף דיר אַבאָרטן;
דיין פּערל־שפּראַך איז פרעמד אים ווי די היעראָגליפן,
דיין לויטער קול פאַרבייט דער שאָרך פון טעשל קאָרטן.

גיב, ליד, אַ בליק אויף דיינע אויסגעפּראַוווטע זינגער,
וואָס שטרעקן אויס דיין וואָגיק וואָרט, ווי הענט די בעטלער,
און יעדער שוטה טײַטלט מיטן לאַנגן פינגער,
און יעדער חכם וויל ניט אַנדערש ווי זיך פּשטלען,
צי דאַרף מען גאָר אַ ליד אין וועלט פון רויבער, צווינגער.

גיב, ליד, אַ קוק אויף דיינע צאַרטע זין און טעכטער,
וואו ס'וואָרט אַ לוין אויף זיי אין ביבליאָטעקן־שטויבן;
נאָר אויפן מאַרק דערוואָרט זיי חוזק און געלעכטער,
ווי צווישן לייבן־שטייג דאָס וואָרקען פון די טויבן,
ווי צווישן פאַלשן קלאַנג פון מינץ אַ קלאַנג אַן עכטער.

.2

געבעטן האָב איך דיך: אָ, לאָז מיך זיין ווי אַלע, —
ניט זוכן אמתן דורך אידלסטע שפּאַקטיוון;
ניט זיין פאַרליבט אין לעבן ווי אַ יונגע כלה;
ניט גלויבן יעדן, ווי אַ יינגל אַ נאַאיווער;
ניט הייבן זיך אין רוים און שפּעטער טיפער פאַלן.

געבעטן האָב איך דיך, אָ, ליד: איך וויל ניט טראָגן
די דערנער־קרוין פון איינזאַמסטן פון אַלע דיכטער,
ווייל ס'פלעגט די פרומע מאַמע מיינע מיך פאַרקלאָגן:
— דער יונג איז, שונאים מיינע, הײַנט געוועזן ניט ניכטער —
ווען כ'האָב נאָך פרילינג־ווינטל זיך גענומען יאָגן.

פון קינדווייז־אויף געיערט האָסטו, ליד, ווי הייוון
און אויפגעגאַנגען ברויזיק, ווי אַ טאַנץ פון ווילדע.
— ס'איז גאָר אַן אַנדער יונג געוואָרן, ביסט אַ מבין? —
האָסט, ליד, מיך דאַן באַרוישט מיט וואונדערבאַרע בילדער;
געהערט האָב איך צום יחוס־שטאַם פון שבט לוי.

דו האָסט געפּאַקט מיך אַ פֿאַרליבטן און געפֿאַנגען.
איך האָב געזונגען דיך, ווי פֿייגל אויף די צווייגן —
אָן ציל, אָן זין, נאָר מיט פֿאַרכישופֿטע פֿאַרלאַנגען.
געוואָלט אַרויף, אַרויף, צום העכסטן באַרג־שפּיץ שטייגן.
אָן דיר בין ווי אַן אָבל איך אַרומגעגאַנגען.

דער עולם האָט געזען, געגאַפֿט און ניט פֿאַרשטאַנען.
דו האָסט מיט מיר געדרייצט זיך, ליד, ווי אַ קאָקעטקע.
איך האָב אַן איינזאַמער געזוכט דיך איבער לאַנען,
איך האָב פֿאַר דיר געאַרעמט זיך מיט שיכור פּעדקאַ'ן.
איך האָב געשוועבט אין רוים, ווי לערן־עראָפּלאַנען.

דו ביסט געווען פֿאַר מיר די שענסטע פֿון די פּרויען,
דו האָסט, ווי זיי, געדרייצט מיך און אויפֿסניי געזעטיקט.
כ'בין אָפּט געווען — פּרימאַרגן־העלד געהילט אין טויען.
כ'האָב אָפּט אויף דיר געוואַרט און דו האָסט זיך פֿאַרשפּעטיקט;
כ'האָב אָפּט אין קנאה־פֿיבער ניט געוואָלט דיר טרויען.

אַ שעפּל קוואַל־וואַסער אויף הייסן לייב — די יאָרן;
זיי האָבן אויסגעטשוכעט מיך פֿון זיסן חלום;
זיי האָבן דיך פֿאַרטריבן, ליד, מיט ביטול־צאָרן.
איך בין געווען אין פֿייער־שלאַכט, געלעכצט נאָך שלום.
איך האָב געריסן ס'רעפּטל ברויט, ניט זאַנג פֿון קאָרן.

.3

צו לעבן וואָכעדיק, באַגלייך מיט יעדן איינעם,
געוואָרן איז מיין ציל, מיין טרוים, מיין אַלטער עגאָ.
איך האָב געזען: ס'פֿאַרמאָגט דער מענטש השגות קליינע;
ער זיצט באַשיצט אין הויז, ווען דרויסן שמעקט פֿון רעגן,
און פֿילנעוועט דאָס גלוסטיק לייב און טראַכט פֿון קיינעם.

איך האָב געמיינט — די וועלט וועט זיין אַ מקום מנוחה;
איך וועל ניט הערן מער דעם אומרו־רוף פון לידער.
איך האָב געהאָפט, דו וועסט אַ מידן מיך ניט זוכן;
איך בין מיט זינגער־שטאָם געוואָרן קידער־ווידער;
פאַרגאַנגען איז דאָס שיינע וואָרט ווי שנייען־פוכן.

נאָר ווי די זון, וואָס פרעגט ביי קיינעם ניט קיין קשיות
און שפּיזט אַרויס איר גלי ז׳י שפּאַלטן דורכצודרינגען, —
אַזוי ביסטו אַריין אין מיר מיט שטראָם מיט ראַשן;
און כ׳האָב דערפילט די נאָדל־ווייטיקן פון זינגער
און כ׳האָב די וואונד פון שאָף גענומען לעקן, וואַשן.

ערשט דאַן האָסטו אַנטפּלעקט: איך בין געווען אַ טויטער
די גאַנצע צייט, וואָס כ׳האָב דיך מיט געוואָלט פאַרטריבן;
ווען ס׳האָט מיך איינגעשלעפּערט וואָך, ווי יעדן שוטה,
ווען ס׳איז מיר בלויז די בייטש פון פּוסטן טאָג געבליבן —
און אָרימער בין איך געווען פון אַלע נויטן.

איך האָב געשפּילט זיך, ווי אַ קינד, מיט שאַלאָמויזן,
ווען דרויסן האָט געהעלט מיט וואונדער פון יצירה
און וועלט געצאַפּלט האָט מיט פויקן פון געברויזן
און ערד האָט זיך מיט באַנטן זון גענומען צירן
און שוואַרצן קאָפּ באַפּוצט מיט פרישע רויטע רויזן.

און ווי פון שאַכט געראַטעוועטער קוילן־גרעבער
זאַפּט איין אין זיך די באַלזאַם־לופט, דעם הימל בלויען, —
אַזוי האָסטו מיך, ליד, באַזעלט מיט נייעם לעבן,
מיט פרייד צעכראַסטעטער, וואָס וועסט דיין וואָרט מיר טרויען, —
דאָס שטראַליק וואָרט, וואָס ווערט ניט יעדערן געגעבן.

.4

איך בין אַרויס אין גאַס, ווי פון אַ צעל באַפרייטער;
איך בין נאָך פרישן רוים געוועזן אויסגעהונגערט.
געגוויגט זיך פרילינג האָט פאַר מיר פון אַלע זייטן,
געטרייסלט האָבן ווינטן מיך, ווי שטאַרקע יונגען,
געוויזן מיר ווי לעבעדיק עס איז ביי לייטן.

און דו, מיין ליד, דו האָסט געשטראַמט מיט היילער־קוואַלן;
דיין וואָרט האָט אָנגעפילט מיך, ווי אַ פעלד געראָטנס.
איך האָב דורך כמאַרעס שוואַרץ געזען ווי ס׳העלן שטראַלן,
איך האָב זיך אויסגעלאַכט פון דראָענדיקע שאָטנס.
עס האָט געזאַנג פון ליכט אין מיר גענומען שאַלן.

ביסט, ליד, געוועזן מיין פריז, מיין טייערסטע מתנה.
ביסט דימענט אין אַ יום־טוב, אין אַ שלאַכט — כלי־זין.
איז הער ניט אויף דיין לויטער וואָרט ביי מיר צו מאָנען;
זאָל הילכן, מונטערן, געזאַנג אויף וועגן נייע,
זאָל פלאַטערן מיין ליד מיט אַלע זיגער־פאָנען.

אַזויפיל בעטל־לידער גוססן אַצינדער,
אַזויפיל הייזעריקע הענער פּרואוון קרייען,
סטערילע דיכטער לאָזן פירן זיך ווי בלינדע,
ווען זיי דערהערן פון געבורט די שווערע ווייען
און אין געוויין פאַרגייען זיך, ווי נאַסע קינדער.

מיט דיר, אַ ליד, בין איך דאָך ווידער יונג געוואָרן;
מיין וואָרט וועט גרייכן איבער אַלע בייזע שטורעמס,
און גוט איז מיר וואָס כ׳האָב דעם פּחד אָנגעוואָרן,
און כ׳ציטער ניט פאַר קראַכנדיקע קאַרצער־טורעמס,
און כ׳זינג אַ לויב־געזאַנג צו בליענדיקע יאָרן.

# אַמעריקע

.1

ניט פרעג מיך, הי־געבאָרענער,
צי האָב איך ליב דאָס לאַנד,
און ווייז מיר ניט די טיר,
ווען כ׳בוק זיך ניט פאַר דיר.

די ווילד־גרינע כוואַליעס
פון אַטלאַנטיק,
זיי שוימען צאָרן אויס,
זיי דראָען
מיט מיליאָסן פויסטן,
וואָס מאָנען און דערמאָנען —
חובות ניט־באַצאָלטע,
צוזאָגן ניט־געהאַלטענע.
דער אייביק־וואַכיקער אַטלאַנטיק,
טראָגט אויף זיין אומרו־קאַרק
די געשיכטע פון אַמעריקע.

.2

אויסגעוואָרצלט די שטאַמען
האָט דער שטורעם פון אומגערעכטיקייט.
געשוואומען אויפן אָקעאַן פון טרערן
זיינען שיפן מיט צדיקים.

באַגעגנט האָבן די פּליטים
די אויסגעשטרעקטע אָרעמס
פון אַלטן בוים און קאַלטן פעלז.

ניט אָפּגעוואַרט האָט מוטער־פרייהייט
די פֿאַרפּאָלגטע גרים;
איינגעשפּאַנט אין יאָך זיך
האָבן זיי, צו געפינען זי.

אויף קיזל־שטיין
איז אָפּגעשטעמפּלט: „פּראַצע״.
דאָס פעלד געוואָרן פעט —
פון אימיגראַנטן־שווייס.
אויף העכסטן באַרג־שפּיץ
לייכט דער טורעם: מי.

דאָס איז אַמעריקע.

3.

ער פרעגט מיך,
צי האָב איך ליב דאָס לאַנד?

ס׳איז אומעטום דיזעלבע ערד,
דערזעלבער הימל,
דיזעלבע זון,
בלויז מענטש איז דאָ געוואָרן ניי.

אין אָרימען קלומיקל
האָט ער געבראַכט מיט זיך
אַן אוצרל אַן עכטס,
ווי אַ פּערל פון ים־טיף,
ווי אַ דימענט־שטיינדל,
וואָס לויכט פון לויטערקייט,
ווי אַ רינגעלע פון גאָלד,
וואָס פינקלט העל.

דאָס אוצרל געווען איז:
ליבע צו פרייהייט —
פון וואָרט,
פון גלויבן,
פון געדאַנק.
אַ ירושה פון די אָבות.

דאָס אוצרל,
דאָס איז אַמעריקע.

.4

די ערד איז אַלט דאָ,
נאָר יונג איז מענטש,
וואָס ווערט ערשט אויסגעפורעמט.

צי האָב איך ליב אַמעריקע?
איך האָב ליב מיין שותף — די פּראַצע,
איך בין אַ ברודער און אַ פעטער
צו דער משפּחה פון מי,
מיין טיר און טויער שטייען אָפן
פאַר יעדן פאַרפּאָלגטן פון צווינגער —
איך האָב ליב אַמעריקע.

די גאוה פון אַ הי־געבאָרענעם:
„איך בין —
בעסער,
גרעסער,
רייכער,
קליגער
און מעכטיקער
פון דעם און יענעם און יעדערן" —

די גאוה פון אַ הי־געבאָרענעם,
איז ניט אַמעריקע.

.5

די אינקוויזיציעס אומעטום
האָבן געבאָרן
אַמעריקע.
די שוואַרצע לעכער פון דער נאַכט
האָבן דערזען:
ס'גייט אויף אַ זון —
אַמעריקע.

די וועלט האָט פיינט
באַצווינגער און באַדריקער.
אַראָפּ איז שפּאַניע,
גענידערט — בריטאַניע.
געבליבן לעבן —
דזשעפערסאָן און לינקאָלן.

אַמעריקע וועט ערן ערשט
די טרייע זין —
דעבס און סאַקאָ און וואַנזעטי
און נאָך און נאָך און נאָך.

.6

ער פרעגט מיך:
צי האָב איך ליב אַמעריקע?

אַז איך שטאָלציר
מיט אָפּשטאַם פון נביאים,
אַז כ'האַלט טייער גאָר
ירושה פון די אָבות.

משה און מרים,
עקיבא און בר־כוכבא,
די מאַקאַבייער זין —
זיי זיינען וועג־ווייזער געווען
פאַר די פּילגרים־פאָטערס,
די טרייסטער געווען
פאַר פּיאָנערן פון לאַנד.

באַפרייט אונדז פון וואָל־סטריט
וואָלט משה רבנו.
אויף פּיקעט־לאַין געשפּאַנט
וואָלטן ישעיה און יחזקאל.
די קללה פון ירמיהו
וואָלט דעם לינטשער געטראָפן.
די געלט־זעק פון סענאַט
וואָלט עמוס פאַרטריבן.

די כוואַליעס פון אַטלאַנטיק און פּאַסיפיק
וואָיען אויס זייער צאָרן
קעגן די פאַרמאַכטע טויערן
פון אַמעריקע.
דער אומרו־קאַרק פון אָקעאַן
דערציילט
די געשיכטע פון אַמעריקע.

# אינהאַלט

## מײן שטאַם



## ווילדער וואַלד



## זון און זעט